וו. אי. לענין

# ק. מארקס
אין
# פ. ענגעלס

אָגיז
מלוכה-פארלאג „דער אמת" מאָסקווע
1948

# פאָרוואָרט צו דער בראָשור: „קאַרל מאַרקס"

דעם אַרטיקל וועגן קאַרל מאַרקסן, וואָס דערשײַנט איצט אין אַ באַזונדערן אָפּצוג, האָב איך אָנגעשריבן (אויף וויפל איך געדענק) אין 1912 יאָר פאַר גראַנאַטס ווערטערבוך. צום סוף פונעם אַרטיקל איז בײַגעלייגט געווען אַ גאַנץ אויספירלעכער צעטל ליטעראַטור וועגן מאַרקסן, דער עיקר פון דער אויסלענדישער. דאָס איז אין דער איצטיקער אויסגאַבע ניט אַרײַן. ווײַטער, האָט די רעדאַקציע פונעם ווערטערבוך, פון איר זײַט, מחמת צענזור־טעמים, אַרויסגעוואָרפן דעם שלום פונעם אַרטיקל וועגן מאַרקסן, וואו עס ווערט גערעדט וועגן זײַן רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק. צום באַדויערן, האָב איך ניט קיין מעגלעכקײַט אויפצושטעלן דאָ צוריק דעם דאָזיקן שלום, ווײַל דער אָריגינאַל איז געבליבן ערגעץ אין מײַנע פּאַפּירן אין קראָקע אָדער אין דער שווייץ. איך געדענק נאָר, אַז אין דעם דאָזיקן שלום פונעם אַרטיקל האָב איך, צווישן אַנדערן, ציטירט די שטעל פון מאַרקס' בריוו צו ענגעלסן פונעם 16 מערץ 1856 יאָר, וואו מאַרקס האָט געשריבן: „די גאַנצע זאַך וועט אין דײַטשלאַנד זײַן אָפּהענגיק דערפון, צי עס וועט מעגלעך זײַן צו שטיצן די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע מיט אַ מין צווייטער אויפלאַגע פון דעם פּויערים־קריג. דעמלט וועט זײַן

אויסגעצייכנט". אט וואס עס האבן ניט פארשטאנען פונעם 1905 יאר אין אונדזערע מענשעוויקעס, וועלכע האבן זיך איצט דערקייקלט ביזן פולשטענדיקן פארראט דעם סאציאליזם, ביז אריבערגיין אויף דער זייט פון דער בורזשואזיע.

נ. לענין.

מאסקווע,
14/V 1918

אפגעדרוקט צום ערשטן מאל אין 1918 יאר
אין דער בראשור „נ. לענין. קארל מארקס".
פארלאג „פריבאי", מאסקווע.

ווערק, ב. XXII, ז. 529.

# קאַרל מאַרקס

קאַרל מאַרקס איז געבאָרן געוואָרן דעם 5 מײַ—לויטן נײַעם סטיל — 1818 יאָר אין דער שטאָט טריר (רײַניש פּרײַסן). דער פֿאָטער זײַנער איז געווען אַן אַדוואָקאַט, אַ ייִד, וואָס האָט אין 1824 יאָר אָנגענומען דעם פּראָטעסטאַנטישן גלויבן. די פֿאַמיליע איז געווען אַ פֿאַרמעגלעכע, אַ קולטורעלע, אָבער ניט קיין רעוואָלוציאָנערע. געענדיקט די גימנאַזיע אין טריר, איז מאַרקס אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט, אַפֿריִער אין באָן, דערנאָך אין בערלין, האָט שטודירט יוריספּרודענץ, אָבער מער פֿאַר אַלץ געשיכטע און פֿילאָסאָפֿיע. ער האָט געענדיקט דעם קורס אין 1841 יאָר, האָבנדיק צוגעשטעלט אַן אוניווערסיטעט־דיסערטאַציע וועגן עפּיקורס פֿילאָסאָפֿיע. לויט זײַנע אָנשויאונגען איז מאַרקס דעמאָלט נאָך געווען אַ העגעליאַנער און אידעאַליסט. אין בערלין האָט ער געהערט צום קרײַזל פֿון די „לינקע העגעליאַנער“ (ברונאָ באַוער אאַ.), וואָס האָבן געשטרעבט צו מאַכן פֿון העגעלס פֿילאָסאָפֿיע אַטעיִסטישע און רעוואָלוציאָנערע אויספֿירן.

נאָכן ענדיקן דעם אוניווערסיטעט איז מאַרקס אַריבערגעפֿאָרן קיין באָן, האָבנדיק בדעה צו ווערן אַ פּראָפֿעסאָר. אָבער די רעאַקציאָנערע פּאָליטיק פֿון דער רעגירונג, וואָס האָט אין 1832 יאָר אָפּגענומען בײַ לודוויג פֿײַערבאַכן די קאַטעדרע און אין 1836 יאָר ווידער זיך אָפּגעזאָגט צוצולאָזן אים אין אוניווערסיטעט און האָט אין 1841 יאָר אָפּגענומען בײַם יונגן פּראָפֿעסאָר ברונאָ באַוער דאָס רעכט צו לייענען לעקציעס אין באָן, — האָט געצוואונגען מאַרקסן אָפּצוזאָגן זיך פֿון דער קאַריערע פֿון אַ געלערנטן. די אַנטוויקלונג פֿון די אָנשויאונגען פֿון דעם לינקן העגעליאַנערטום איז אין דײַטשלאַנד דעמאָלט געגאַנגען פֿאָראויס זייער גיך. לודוויג פֿײַערבאַך הייבט אָן, באַזונדערס פֿונעם 1836 יאָר אָן, צו קריטיקירן די טעאָ־

לאָגיע און אויסצוקערעווען זיך צום מאַטעריאַליזם, וואָס באַקומט ביי אים אינגאַנצן די אויבערהאַנט אין 1841 יאָר („דאָס וועזן פונעם קריסטנטום"); אין 1843 יאָר זיינען דערשינען זיינע „גרונט־הנחות פון דער פילאָסאָפיע פון דער צוקונפט". „מען האָט באַדאַרפט איבערלעבן די באַפרייענדיקע ווירקונג פון די דאָזיקע ביכער", — האָט שפּעטער ענגעלס געשריבן וועגן אָט די ווערק פייערבאַכס. „מיר" (דה. די לינקע העגעליאַנער, דערונטער אויך מאַרקס) „זיינען תיכף געוואָרן פייערבאַכיאַנער"*. אין דער דאָזיקער צייט האָבן די רייניש־ע ראַדיקאַלע בורזשואַ, וואָס האָבן געהאַט באַריר־פּונקטן מיט די לינקע העגעליאַנער, געגרינדעט אין קעלן אַן אָפּאָזיציאָנעלע צייטונג: די „ריינישע צייטונג" (אָנגעהויבן דערשיינען דעם 1 יאַנואַר 1842 יאָר). מאַרקס און ברונאָ באַוער זיינען איינגעלאַדן געוואָרן אַלס הויפּט־מיטאַרבעטער, און אין אָקטאָבער 1842 יאָר איז מאַרקס געוואָרן דער הויפּט־רעדאַקטאָר און איז איבערגעפאָרן פון באָן קיין קעלן. די רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישע ריכטונג פון דער צייטונג איז, בעת מאַרקס איז געווען איר רעדאַקטאָר, געוואָרן אַלץ באַשטימטער, און די רעגירונג האָט צוערשט געשטעלט די צייטונג אונטער א דאָפּלטער און א דריפאַכער צענזור און דערנאָך האָט זי באַשלאָסן אינגאַנצן זי פאַרמאַכן דעם 1 יאַנואַר 1843 יאָר. מאַרקס האָט צו יענער צייט געמוזט פאַרלאָזן דעם רעדאַקטאָר־פּאָסטן, אָבער זיין אוועקגיין האָט פונדעסטוועגן ניט געראַטעוועט די צייטונג, און אין מערץ 1843 יאָר איז זי פאַרמאַכט געוואָרן. פון מאַרקס' באַדייטנדיקסטע אַרטיקלען אין דער „ריינישער צייטונג" פאַרצייכנט ענגעלס, אחוץ די ווייטער אָנגעוויזענע (זע די ליטעראַטור**), אויך דעם אַרטיקל וועגן דער לאַגע פון די פּויערים די ווייַן־מאַכער אינעם טאָל פונעם טייך מאָזעל. די צייטונגס־אַרבעט האָט באַוויזן מאַרקסן, אַז ער איז ניט גענוג באַקאַנט מיט דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, און ער האָט זיך פלייסיק גענומען זי צו שטודירן.

אין 1843 יאָר האָט מאַרקס חתונה געהאַט אין קרייצנאַך מיט

---

* פ. ענגעלס, לודוויג־פייערבאַך, מלוכה־פאַרלאַג „דער אמת", 1940 י., ז. 14. — ר ע ד.

** דאָ און ווייטער פאַררופט זיך לענין אויף דער „ביבליאָגראַפיע פונעם מאַרקסיזם", וואָס ער האָט צוגעשטעלט צום אַרטיקל „קאַרל מאַרקס" (זע ווערק, ב. XVIII, ז. 32). — ר ע ד.

רישעני פאָן וועסטפאַלן, זיין יונגט־פריינד, מיט וועלכער ער איז געווען פאַרקנאַסט, ווען ער איז נאָך געווען א סטודענט. זיין פרוי האָט געהערט צו א פרייסישער רעאקציאָנערער אדל־פאַמיליע. איר עלטערער ברודער איז געווען אינערן־מיניסטער אין פרייסן אין איינער פון די רעאקציאָנערסטע עפּאָכעס, אין די יאָרן 1850—1858.
אין הארבסט 1843 איז מארקס געקומען צו פאָרן קיין פאַריזש, כּדי ארויסצוגעבן אין אויסלאנד, צוזאמען מיט ארנאָלד רוגע (1802—1880; א לינקער העגעליאנער, אין די יאָרן 1825—1830 געזעסן אין טורמע, נאָכן 1848 יאָר — אן עמיגראנט; נאָך 1866—1870 — ביסמארקס אן אָנהענגער), א ראדיקאַלן זשורנאַל. דערשינען איז נאָר דאָס ערשטע ביכל פון דעם דאָזיקן זשורנאל „דייטשיש־פראנצויזישע יאָרביכער”. אויפגעהערט צו דערשיינען האָט ער מחמת די שוועריקייטן געהיים צו פארשפרייטן אים אין דייטשלאנד און מחמת די מיינונגס־פארשיידנהייטן מיט רוגען. אין זיינע ארטיקלען, וואָס ער האָט פארעפנטלעכט אינעם דאָזיקן זשורנאל, טרעט שוין מארקס ארויס אלס רעוואָלוציאָנער, וואָס פּראָקלאמירט „די אָנרחמנותדיקע קריטיק פון אלדאָס עקזיסטירנדיקע” און בפרט „די קריטיק פון געווער”, אפעלירט צו די מאסן און צום פּראָלעטאריאט.
אין סעפּטעמבער 1844 י. איז קיין פאַריזש געקומען צו פאָרן אויף עטלעכע טעג פרידריך ענגעלס, וועלכער איז פון דעמלט אָן געוואָרן מארקס' נאָענטסטער פריינט. ביידע האָבן זיי גענומען דעם סאמע אקטיוון אָנטייל אינעם דעמאָלטיקן ברויזיקן לעבן פון די פאַריזשער רעוואָלוציאָנערע גרופּעס (א באזונדערע באדייטונג האָט געהאט פּרודאָנס לערע, מיט וועלכער מארקס האָט זיך אנטשיידן אָפּגערעכנט אין זיין „דלות פון דער פילאָסאָפיע”, 1847 יאָר) און האָבן אויסגעארבעט, אין שארפן קאמף קעגן די פארשיידענע לערעס פונעם קלייןבירגערלעכן סאָציאליזם, די טעאָריע און טאקטיק פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטארישן סאָציאליזם אָדער קאָמוניזם (מארקסיזם). זע מארקס' ווערק פון דער דאָזיקער עפּאָכע, פון די יאָרן 1844—1848, ווייטער: ליטעראטור. אין 1845 י. איז מארקס, אלס געפערלעכער רעוואָלוציאָנער, לויט דער פאָדערונג פון דער פרייסישער רעגירונג, ארויסגעשיקט געוואָרן פון פאַריזש. ער איז אריבערגעפאָרן קיין ברישעל. פרילינג 1847 יאָר האָבן זיך מארקס און ענגעלס אָנגעשלאָסן אָן דער געהיימער פּראָפּאגאנדיסטישער געזעלשאפט: „בונד

פון קאָמוניסטן", האָבן גענומען א גרויסן אַנטייל אין דעם II צוזאמענפאָר פון דעם דאָזיקן פארבאנד (נאָוועמבער 1847 יאָר אין לאָנדאָן) און האָבן, לויט זײַן אויפטראָג, פארפאסט דעם בארימטן „מאניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי", וואָס איז דערשינען אין פעברואר 1848 יאָר. אין דעם דאָזיקן ווערק איז מיט גענ:אלער קלאָרקייט און בולטקייט געשילדערט די נײַע וועלט-אָנשויאונג, דער קאָנסעקווענטער מאטעריאליזם, וואָס נעמט ארום אויך דעם געביט פון סאָציאלן לעבן, די דיאלעקטיק, אלס די סאמע אלזײַטיקע און טיפע לערע וועגן אנטוויקלונג, די טעאָריע פון קלאסן-קאמף און פון דער וועלט-היסטאָרישער רעוואָלוציאָנערער ראָליע פונעם פראָלעטאריאט, דעם שעפער פון דער נײַער, קאָמוניסטישער געזעלשאפט.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די פעברואר-רעוואָלוציע פון 1848 יאָר, איז מארקס ארויסגעשיקט געוואָרן פון בעלגיע. ער איז ווי־דער געקומען צו פאָרן קיין פאריזש, און פון דאָרטן, נאָך דער מערץ־רעוואָלוציע, קיין דײַטשלאנד, נעמלעך קיין קעלן. דאָרטן איז פונעם 1 יוני 1848 יאָר ביזן 19 מײַ 1849 יאָר דערשינען די „נײַע ריינישע צײַטונג"; דער הויפט-רעדאקטאָר איז געווען מארקס. די נײַע טעאָריע איז גלענצנדיק באשטעטיקט געוואָרן דורכן גאַנג פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן פון די יאָרן 1848—1849, פונקט ווי עס האָבן זי דערנאָך באשטעטיקט אלע פראָלעטארישע און דעמאָקראטישע באוועגונגען אין אלע לענדער פון דער וועלט. ווען די קאָנטר־רעוואָלוציע האָט געזיגט, האָט זי צוערשט איבערגע־געבן מארקסן צום געריכט (פרײַגעשפּראָכן דעם 9 פעברואר 1849 יאָר) און נאָכדעם האָט זי אים ארויסגעשיקט פון דײַטשלאנד (דעם 16 מײַ 1849 יאָר). מארקס איז אוועקגעפאָרן צוערשט קיין פאריזש, אויך פון דאָרטן איז ער ארויסגעשיקט געוואָרן נאָך דער דעמאָנסטראציע פון 13 יוני 1849 יאָר. דעמלט איז ער אוועקגע־פאָרן קיין לאָנדאָן, וואו ער האָט שוין געוואוינט ביזן סאמע טויט.

די באדינגונגען פון עמיגראנטישן לעבן, וואָס זײַנען באזונדערס אָנשוילעך געוויזן אין דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן מארקסן און ענ־געלסן (ארויסגעגעבן אין 1913 יאָר*), זײַנען געווען אויסערסט שווער. די נויט האָט ממש געשטיקט מארקסן און זײַן פאמיליע; ווען

---

* זע ק. מארקס און פ. ענגעלס, ווערק, ב. XXI—XXIV.—רעד.

ניט ענגעלסעס שטענדיקע מסירת־נפשדיקע פינאַנציעלע שפּיצע, וואָלט מארקס ניט נאָר ניט געקאָנט פאַרענדיקן דעם „קאפּיטאל", ער וואָלט אומפאַרמײַדלעך אומגעקומען אונטערן דרוק פון דלות. חוץ דעם האָבן די הערשנדיקע לערעס און שטרעמונגען פון דעם קליינבירגערלעכן, בכלל פון דעם ניט־פּראָלעטארישן סאָציאַליזם גע־צוואונגען מארקסן שטענדיק צו פירן אן אָנרחמנותדיקן קאמף, אָפּט־מאָל אָפּצושלאָגן די צעיושעטסטע און ווילדסטע פערזענלעכע אָנפאַלן („Herr Vogt"*). שטייענדיק אָן א זײַט פון די עמיגראַנטישע קרײַזלעך, האָט מארקס אין א ריי היסטאָרישע ארבעטן (זע ליטע־ראַטור) אנטוויקלט זײַן מאטעריאליסטישע טעאָריע, אָפּגעבנדיק די כוחות דער עיקר אויף שטודירן די פּאָליטישע עקאָנאָמיע. די דאָ־זיקע וויסנשאַפט האָט מארקס רעוואָלוציאָניזירט (זע ווײַטער מארקס' לערע) אין זײַנע ווערק „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָ־נאָמיע" (1859) און „קאַפּיטאל" (ב. I, 1867).

די עפּאָכע, ווען עס האָבן אויפגעלעבט די דעמאָקראטישע באַ־וועגונגען אין די סוף 50־ער און 60־ער יאָרן, האָט ווידער גערופן מארקסן צו פּראקטישער טעטיקײַט. אין 1864 יאָר (דעם 28 סעפּ־טעמבער) איז אין לאָנדאָן געגרינדעט געוואָרן דער בארימטער I אינ־טערנאַציאָנאַל, די „אינטערנאַציאָנאַלע ארבעטער־אַסאָציאַציע". מארקס איז געווען די נשמה פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט, דער אויטאָר פון איר ערשטער „ווענדונג" און פון א מאַסע רעזאָלוציעס, דערקלערונגען, מאַניפעסטן. פאַראייניקנדיק די ארבעטער־באַוועגונג פון פאַרשיידענע לענדער, סטאַרענדיק זיך צו ריכטן אין שטראָם פון געמיינזאַמער טעטיקײַט די פאַרשיידענע פאָרמען פונעם ניט־פּראָ־לעטארישן, פאָרמארקסיסטישן סאָציאַליזם (מאַדזיני, פּרודאָן, באַ־קונין, דער ענגלישער ליבעראַלער טרעד־יוניאָניזם, די לאַסאַ־ליאַנישע וואַקלונגען אויף רעכטס אין דײַטשלאַנד אד"ג.), קעמפנדיק קעגן די טעאָריעס פון אָט די אַלע סעקטעס און שולן, האָט מארקס אויסגעשמידט די איינהײַטלעכע טאַקטיק פון פּראָלעטארישן קאמף פונעם ארבעטער־קלאַס אין די פאַרשיידענע לענדער. נאָך דעם, ווי עס איז געפאַלן די פּאַריזשער קאָמונע (1871), וואָס מארקס האָט זי אַזוי טיף, טרעפלעך, גלענצנדיק און עפעקטיוו, רעוואָלוציאָנער

* „הער פאָגט", זע מארקס' און ענגעלסעס ווערק, ב. XII, טייל 1 אָדער די באַזונדערע אויסגאַבע. — ר ע ד.

אָפּגעשאַצט („דער בירגער־קריג אין פראַנקרייך אין 1871"), און נאָך דעם, ווי די באַקוניסטן האָבן צעשפּאָלטן דעם אינטערנאַציאָנאַל, איז די עקזיסטענץ פונעם אינטערנאַציאָנאַל אין אייראָפּע געוואָרן אוממעגלעך. נאָכן האאַגער קאָנגרעס פון אינטערנאַציאָנאַל (1872) האָט מאַרקס דורכגעפירט דעם באַשלוס פון דעם דאָזיקן קאָנגרעס וועגן אַריבערטראָגן דעם גענעראַל־ראַט פונעם אינטערנאַציאָנאַל קיין ניו־יאָרק. דער I אינטערנאַציאָנאַל האָט פאַרענדיקט זיין היסטאָרישע ראָליע און האָט אָפּגעטראָטן דאָס אָרט פאַר אַן עפּאָכע מיט אַן אַן ערך גרעסערן וואוקס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַלע לענדער פון דער וועלט, נעמלעך, פאַר דער עפּאָכע פון איר וואוקס אין דער ברייט, פון שאַפן מאַסעווע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטייען אויף דער באַזע פון איינצלנע נאַציאָנאַלע מלוכות.

די אָנגעשטרענגטע אַרבעט אינעם אינטערנאַציאָנאַל און די נאָך מער אָנגעשטרענגטע טעאָרעטישע אַרבעט האָבן ענדגילטיק אונטערגעריסן מאַרקס' געזונט. ער האָט פאָרגעזעצט איבערצואַרבעטן די פּאָליטישע עקאָנאָמיע און צו פאַרענדיקן דעם „קאַפּיטאַל", זאַמלענדיק אַ מאַסע נייע מאַטעריאַלן און שטודירנדיק אַ ריי שפּראַכן (צום ביישפּיל, רוסיש), אָבער פאַרענדיקן דעם „קאַפּיטאַל" האָט אים ניט געלאָזט די קראַנקייט.

דעם 2 דעצעמבער 1881 יאָר איז געשטאָרבן זיין פרוי, דעם 14 מערץ 1883 יאָר איז מאַרקס שטיל איינגעשלאָפן אויף אייביק אין זיין פאָטערשטול. ער איז באַערדיקט צוזאַמען מיט זיין פרוי און מיט זיין געטרייער דינערין, כמעט אַ פאַמיליע־מיטגליד, העלענע דעמוט, אויפן בית־עולם הייגייט אין לאָנדאָן.

## מאַרקס׳ לערע

דער מאַרקסיזם איז די סיסטעם פון מאַרקס' אַנשויאונגען און לערע. מאַרקס האָט פאָרגעזעצט און געניאַל פאַרפולקומט די דריי הויפּט־אידייאישע שטרעמונגען פון XIX יאָרהונדערט, וואָס געהערן צו די דריי סאַמע פאָרגעשריטענע לענדער פון דער מענטשהייט: די קלאַסישע דייטשישע פילאָסאָפיע, די קלאַסישע ענגלישע פּאָליטישע עקאָנאָמיע און דעם פראַנצויזישן סאָציאַליזם אין צוזאַמענהאַנג מיט די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָנערע לערעס בכלל. די

מערקווירדיקע קאָנסעקווענטקייט און גאַנצקייט פון מאַרקס' אָנשוי־אונגען, — אפילו זיינע קעגנער אָנערקענען דאָס, — וואָס צוזאַמען גענומען בילדן זיי דעם מאָדערנעם מאטעריאַליזם און דעם מאָדערנעם וויסנשאפטלעכן סאָציאַליזם, אלס טעאָריע און פּראָגראַם פון דער ארבעטער־באוועגונג פון אלע ציוויליזירטע לענדער פון דער וועלט, צווינגט אונדז, איידער מיר טרעטן צו איבערצוגעבן דעם הויפּט־אינהאַלט פונעם מאַרקסיזם, נעמלעך: מאַרקס' עקאָנאָמישע לערע, — צו געבן א קורצע סקיצע פון זיין וועלט־אָנשויאונג בכלל.

## דער פילאָסאָפישער מאטעריאַליזם

זינט די יאָרן 1844—1845, ווען ס'האָבן זיך אויסגעבילדעט מאַרקס' אָנשויאונגען, איז ער געווען א מאטעריאַליסט, בפרט אַן אָנהענגער פון ל. פייערבאַכן, אייַנזעענדיק אויך שפּעטער פייערבאַכס שוואַכע זייטן אויסשליסלעך אין דער נישט־גענוגנדיקער קאָנסעקווענטקייט און נישט־גענוגנדיקער אַלזייטיקייט פון זיין מאטעריאַליזם. פייערבאַכס וועלט־היסטאָרישע, „עפּאָכע־מאַכנדיקע" באַדייטונג האָט מאַרקס געזען גראָד אינעם אַנטשיידענעם אייַנרייַס מיט העגעלס אידעאַליזם און אינעם פּראָקלאַמירן דעם מאטעריאַליזם, וועלכער איז נאָך „אין XVIII יאָרהונדערט, באַזונדערס אין פראַנקרייַך, געווען א קאַמף נישט נאָר קעגן די עקזיסטירנדיקע פּאָליטישע אינסטיטוציעס, און צוזאַמען דערמיט קעגן דער רעליגיע און טעאָלאָגיע, נאָר אויך... קעגן יעטווידער מעטאַפיזיק" (אינעם זין פון „שכורער ספּעקוליאַציע" צום אונטערשייד פון דער „ניכטערער פילאָסאָפיע") („די הייליקע פאַמיליע" אין דער „ליטעראַרישער ירושה"). „פאַר העגעלן — האָט מאַרקס געשריבן — איז דער דענק־פּראָצעס, וועלכן ער פאַרוואַנדלט אפילו אונטערן נאָמען אידיי אין א זעלבשטענדיקן סוביעקט, דער דעמיורג (דער באַשעפער) פון דעם ווירקלעכן... ביי מיר איז, פאַרקערט, דאָס אידעאַלע נישט קיין אנדער זאַך, ווי דאָס מאטעריעלע, וואָס איז אַריבערגעזעצט און איבערגעשטעלטע אין דעם מענטשנס קאָפּ" („קאַפּיטאַל", I, פאָרוואָרט צו דער צווייטער אויפלאַגע). אין פולן הסכם מיט דער דאָזיקער מאטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע מאַרקס' האָט פרידריך ענגעלס, איבערגעבנדיק די פילאָסאָפיע, געשריבן אין „אַנטי־דירינג" (ז ע): —

מארקס האָט זיך באקאנט מיט דעם דאָזיקן ווערק אין מאנוסקריפט — „...די איינהייט פון דער וועלט באשטייט ניט אין איר זיין, נאָר אין איר מאטעריעלקייט, וועלכע איז דערוויזן... דורך א לאנגער און שווערער אנטוויקלונג פון דער פילאָסאָפיע און נאטור־וויסנשאפט... די באוועגונג איז די פאָרם פונעם זיין פון דער מאטעריע. אין ערגעץ און קיינמאָל איז ניט געווען און קאָן ניט זיין קיין מאטעריע אָן באוועגונג, קיין באוועגונג אָן מאטעריע... ווען מען זאָל שטעלן די פראגע..., וואָס איז אזוינס דאָס דענקען און די דער־קענטעניש, פונוואנען שטאמען זיי, וועלן מיר זען, אז זיי זיינען פראָדוקטן פונעם מענטשלעכן מארך און אז דער מענטש אליין איז א פראָדוקט פון דער נאטור, וועלכער האָט זיך אנטוויקלט אין א באשטימטער נאטור־אומגעבונג און צוזאמען מיט איר. עס איז דעריבער זעלבסטפארשטענדלעך, אז די פראָדוקטן פון דעם מענטשלעכן מארך, וועלכע זיינען אין לעצטן סך־הכל אויך פראָדוקטן פון דער נאטור, ווידערשפרעכן ניט דעם איבעריקן נאטור־צוזאמענהאנג, נאָר זיי אנטשפרעכן אים". „העגעל איז געווען אן אידעאליסט, דה. ער האָט געהאלטן, אז די געדאנקען פון אונדזער קאָפּ זיינען ניט קיין, מער אָדער ווייניקער אבסטראקטע, אָפּשפּיגלונגען (Abbilder, אָפּבילדונגען, אמאָל רעדט ענגעלס וועגן „אָפּצוגן") פון די ווירקלעכע זאכן און פראָצעסן, נאָר, פארקערט, די זאכן און זייער אנטוויקלונג, האָט העגעל געהאלטן, זיינען אָפּשפּיגלונגען פון עפּעס אן אידיי, וואָס האָט ערגעץ עקזיסטירט פאר דער אנטשטייאונג פון דער וועלט" *. אין זיין ווערק „לודוויג פויערבאך", אין וועלכן פר. ענגעלס גיט איבער זיינע און מארקס' אָנשויאונגען אויף פויערבאכס פילאָסאָפיע און וועלכן ענגעלס האָט אָפּגעגעבן אין דרוק, האבנדיק פריער דורכגעלייענט זיין און מארקס' אלטן מאנוסקריפט פון די יאָרן 1844—1845 איבער דער פראגע וועגן העגעלן, פויערבאכן און דער מאטעריאליסטישער אויפפאסונג פון דער געשיכטע, — שרייבט ענגעלס: „די גרויסע גרונט־פראגע פון יעדער פילאָסאָפיע, באזונדערס פון דער נייסטער, איז די פראגע וועגן דער פארהעלטעניש פונעם דענקען צום זיין, פונעם גייסט צו דער נאטור... וואָס איז דאָס אורשפרינגלעכע: דער גייסט אָדער די נאטור... לויט דעם, ווי די פילאָסאָפן האָבן געענטפערט

* פ. ענגעלס, אנטי־דירינג, ז. 24—25, 36, 44, 60, אימעס־מלוכה־פארלאג פון פאָליט. ליט., 1938 י.—ר ע ד.

אויף דער דאָזיקער פראגע, האָבן זיי זיך צעטיילט אויף צוויי גרויסע לאַגערן. די, וואָס האָבן באהויפּט, אז דער גייסט האָט עקזיסטירט פריִער פאר דער נאטור, און וואָס האָבן, אלזאָ, אָנערקענט, אז די וועלט איז אזוי אָדער אנדעריש באשאפן געוואָרן, ...האָבן געבילדעט דעם לאַגער פון אידעאליזם. די אנדערע, וואָס האָבן באטראכט די נאטור אלס דאָס אורשפּרינגלעכע, געהערן צו די פארשיידענע שולן פונעם מאטעריאַליזם". יעדער אנדער געברויך פון די באגריפן (פי־לאָסאָפישער) אידעאליזם און מאטעריאַליזם ברענגט נאָר צו א פּלאָנטער. מארקס האָט קאטעגאָריש אָפּגעוואָרפן ניט נאָר דעם אי־דעאליזם, וואָס איז אזוי צי אנדעריש שטענדיק פארבונדן מיט רע־ליגיע, נאָר אויך יומס און קאנטס שטאנדפּונקט, וואָס איז פאר־שפּרייט באזונדערס אין אונדזערע צייטן, דעם אגנאָסטיציזם, דעם קריטיציזם, די פארשיידענע מינים פּאָזיטיוויזם, האלטנדיק, אז אזא פילאָסאָפיע איז א „רעאקציאָנערע" הנחה דעם אידעאליזם און אין בעסטן פאל איז עס א „שעמעוודיקער אופן אָנצונעמען בשתיקה דעם מאטעריאַליזם, אָפּלייקענענדיק אים פאר דער וועלט". זע וועגן דער דאָזיקער פראגע, א חוץ ענגעלסעס און מארקס' דערמאָנטע ווערק, אויך מארקס' בריוו צו ענגעלסן פון 12 דעצעמבער 1866 יאָר. פאר־צייכענענדיק אינעם דאָזיקן בריוו די „מער מאטעריאַליסטישע", איידער געוויינלעך, ארויסטרעטונג פונעם באוואוסטן נאטור־פאָרשער ט. העקסלי און זיין אָנערקענונג, אז אויף וויפל „מיר באָבאַכטן ווירקלעך און מיר דענקען, קאָנען מיר קיינמאָל ניט ארויסגיין פונעם באָדן פון מאטעריאַליזם", ווארפט אים מארקס פאָר, אז ער עפנט א „הינטערטיר" פארן אגנאָסטיציזם, פארן יומיזם. באזונדערס דארף מען פארצייכענען מארקס' קוק אויף דער פארהעלטע־ניש צווישן פרייהייט און נויטווענדיקייט: „בליינד איז די נויטווענדיקייט, כל־זמן מען האָט זי ניט באגריפן. פרייהייט איז די באזיגיקונג פון דער נויטווענדיקייט" (ענגעלס אין „אנטי־דיורינג") = דאָס אָנערקענען די אָביעקטיווע געזעצמעסיקייט פון דער נאטור און די דיאַלעקטישע פארוואנדלונג פון דער נויטווענדיקייט אין פרייהייט (באגלייך מיט דער פארוואנדלונג פון דער ניט דערקענטער, אָבער דערקענבארער, „זאך אין זיך" אין „א זאך פאר אונדז", פונעם „וועזן פון די זאכן" אין „דערשיינונגען"). פארן גרונט־חסרון פונעם „אלטן", דערונטער אויך פונעם פייערבא־

בישן (און נאָך מער פון ביכנעדס — פּאָגמס — מאָלעשאָטס „וואולגארן") מאטעריאליזם האָבן מארקס און ענגעלס געהאלטן (1) דאָס, וואָס דער דאָזיקער מאטעריאליזם איז געווען „הויפּטזאכלעך א מעכאנישער", האָט ניט אין באטראכט גענומען די נייסטע אנטוויקלונג פון דער כימיע און ביאָלאָגיע (און אין אונדזערע צייטן וואָלט מען נאָך בארארפט צוגעבן: די עלעקטרישע טעאָריע וועגן דער מאטעריע); (2) דאָס, וואָס דער אלטער מאטעריאליזם איז געווען ניט היסטאָריש, ניט דיאלעקטיש (מעטאפיזיש אין זין פון אנטידיאלעקטיק), האָט ניט דורכגעפירט קאָנסעקווענט און אלזייטיק דעם שטאנדפּונקט פון אנטוויקלונג; (3) דאָס, וואָס זיי האָבן דעם „מענטשלעכן וועזן" פארשטאנען אבסטראקט און ניט ווי א „קאָמפּלעקס" פון (קאָנקרעט־היסטאָריש באשטימטע) „אלע געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישן", און דעריבער האָבן זיי נאָר „דערקלערט" די וועלט, בעת עס האנדלט זיך וועגן „פארענדערן" זי, ד. ה. זיי האָבן ניט פארשטאנען די באדייטונג פון דער „רעוואָלוציאָנערער פּראקטישער טעטיקייט".

## די דיאלעקטיק

העגעלס דיאלעקטיק, אלס די סאמע אלזייטיקע, אינהאלטרייכע און טיפע לערע וועגן אנטוויקלונג, האָבן מארקס און ענגעלס געהאלטן פאר דער גרעסטער דערגרייכונג פון דער קלאסישער דייטשישער פילאָסאָפיע. יעטווידע אנדערע פאָרמולירונג פונעם פּרינציפּ פון אנטוויקלונג, פון עוואָלוציע האָבן זיי געהאלטן פאר אן איינזייטיקער, פאר אן אינהאלטס־אָרעמער, פאר אזא, וואָס פארקריפּלט און קאליעטשעט דעם ווירקלעכן גאנג פון דער אנטוויקלונג (ניט זעלטן מיט שפּרונגען, קאטאסטראָפעס, רעוואָלוציעס) אין דער נאטור און אין דער געזעלשאפט. „מארקס און איך זיינען געווען שיר ניט די איינציקע מענטשן, וואָס האָבן זיך געשטעלט די אויפגאבע אָפּצוראטעווען" (בעתן צעשמעטערן דעם אידעאליזם און דערונטער אויך דאָס העגעליאנערטום) „די באוואוסטזיניקע דיאלעקטיק און אריבערטראָגן זי אויף דער מאטעריאליסטישער אויפפאסונג פון דער נאטור" *. „די נאטור איז די באשטעטיקונג פון דער דיאלעקטיק, און

* פ. ענגעלס, אנטי־דירינג, ז. 10, אימעל—מלוכה־פארלאג פון פאָליט. ליט., 1938 י.—רעד.

גראָד די נײַסטע נאַטורװיסנשאַפט באַװײַזט, אַז די דאָזיקע באַשטע־מיקונג איז אַן אױסערגעװײנלעך רײַכע" (דאָס איז געשריבן געװאָרן ביז דער אַנטדעקונג פֿון ראַדי, פֿון די עלעקטראָנען, פֿון דער פֿאַר־װאַנדלונג פֿון עלעמענטן אאַז״װ!), „װאָס זאַמלט יעדן טאָג אָן אַ מאַסע מאַטעריאַל און דערװײַזט, אַז אין דער נאַטור קומט אין לעצטן סך־הכּל אַלץ פֿאָר דיאַלעקטיש און ניט מעטאַפֿיזיש"*.

„דער גרױסער גרונט־געדאַנק, — שרײַבט ענגעלס, — אַז די װעלט באַשטײט ניט פֿון פֿאַרטיקע, פֿאַרענדיקטע זאַכן, נאָר אַז זי שטעלט פֿאָר מיט זיך אַ קאָמפּלעקס פֿון פּראָצעסן, אין װעלכן די בלומרשט סטאַבילע זאַכן מאַכן דורך, פּונקט װי די געדאַנקען־אָפּ־בילדונגען זײערע בײַ אונדז אין קאָפּ, די באַגריפֿן, אַן אומאױפֿ־הערלעכע פֿאַרענדערונג פֿון אַנטשטײן און פֿאַרשװינדן, — דער דאָ־זיקער גרױסער גרונט־געדאַנק איז זינט העגעלן אַזױ װײַט אַרײַן אינעם געװײנלעכן באַװוסטזײַן, אַז עס װעט זיך קױם געפֿינען עמע־צער, װאָס זאָל אים באַשטרײַטן אין זײַן אַלגעמײנער פֿאָרם. אײן זאַך אָבער איז אָנערקענען אים אױפֿן װאָרט, אַן אַנדער זאַך איז — אָנ־װענדן אים אין יעדן אײנצלנעם פֿאַל און אין יעדן געגעבענעם פֿאָר־שונגס־געביט". „פֿאַר דער דיאַלעקטישער פֿילאָסאָפֿיע איז ניטאָ קײן שום ענדגילטיקס, אַבסאָלוטס, הײליקס. אױף אַלץ און אין אַלץ זעט זי אײַן די אומפֿאַרמײַדלעכקײַט פֿון אונטערגאַנג, און קײן זאַך קאָן ניט בײַשטײן קעגן איר, אױסער דעם אָנאױפֿהערלעכן פּראָצעס פֿון אַנטשטײאונג און פֿאַרניכטונג, דעם אומענדלעכן אױפֿשטײַג פֿון ני־דעריקערן צום העכערן. זי אַלײן איז בלױז אַ פּשוטע אָפּשפּיגלונג פֿון דעם דאָזיקן פּראָצעס אינעם דענקענדיקן מוח"**. אַזױ־אַרום איז די דיאַלעקטיק, לױט מאַרקסן, „די װיסנשאַפֿט װעגן די אַלגעמײנע געזעצן פֿון דער באַװעגונג סײַ פֿון דער אױסערלעכער װעלט, סײַ פֿון דעם מענטשלעכן דענקען" ***.

אָט די זײַט, די רעװאָלוציאָנערע זײַט, פֿון העגעלס פֿילאָסאָפֿיע האָט מאַרקס אױפֿגענומען און אַנטװיקלט. דער דיאַלעקטישער מאַ־טעריאַליזם „נײטיקט זיך ניט אין קײן שום פֿילאָסאָפֿיע, װאָס שטײט

---

* פֿ. ענגעלס, אַנטי־דירינג, ז. 23. — רעד.

** פֿ. ענגעלס, לודװיג פֿײַערבאַך, ז. 34, 9—10, מלוכה־פֿאַרלאַג „דער אמת", 1940 י. — רעד.

*** דאָרט, ז. 34 (זע אױך „אַנטי־דירינג", ז. 147). — רעד.

איבער די אנדערע וויסנשאַפטן". פון דער פריערדיקער פילאָסאָפיע בלייבט „די לערע וועגן דעם דענקען און וועגן זיינע געזעצן — די פאָרמעלע לאָגיק און די דיאַלעקטיק". און די דיאַלעקטיק, לויט מאַרקס' אויפפאַסונג, שליסט איין אין זיך, אויך לויט העגעלן, דאָס, וואָס מען רופט איצט דערקענטעניש־טעאָריע, גנאָסעאָלאָגיע, וועלכע דאַרף באַטראַכטן איר אָביעקט אויך היסטאָריש, שטודירנדיק און פאַראַלגעמיינערנדיק די אנטשטייאונג און די אנטוויקלונג פון דער דערקענטעניש, דעם איבערגאַנג פון אומקענטעניש צו דערקענטעניש.

אין אונדזער צייט איז די אידיי וועגן אנטוויקלונג, וועגן עוואָלוציע, כמעט אינגאַנצן אריין אין געזעלשאַפטלעכן באַוואוסטזיין, נאָר מיט אנדערע וועגן, ניט דורך העגעלס פילאָסאָפיע. אָבער אין דער פאָרמולירונג, וואָס מאַרקס און ענגעלס האָבן געגעבן, שטיצנדיק זיך אויף העגעלן, איז די דאָזיקע אידיי א סך אַלזייטיקער, א סך אינהאַלטרייכער, איידער די פאַרשפּרייטע אידיי וועגן עוואָלוציע. אַן אנטוויקלונג, וואָס חזרט ווי איבער די שוין דורכגעמאַכטע שטופן, וואָס חזרט זיי אָבער איבער אַנדערש, אויף א העכערער באַזע („נעגאַציע פון דער נעגאַציע"), אַן אנטוויקלונג, וואָס גייט, אזוי צו זאָגן, לויט א ספּיראַל, און ניט לויט א גראָדער ליניע; — אַן אנטוויקלונג א שפּרונגאַרטיקע, א קאַטאַסטראָפישע, א רעוואָלוציאָנערע; — „איבעררייסונגען פון דער בהדרגהדיקייט"; — פאַרוואַנדלונג פון קוואַנטיטעט אין קוואַליטעט; — אינערלעכע אימפּולסן צו אנטוויקלונג, וועלכע ווערן געגעבן דורך דעם ווידערשפּרוך, דורך דעם צוזאַמענשטויס פון פאַרשיידענע קרעפטן און טענדענצן, וואָס ווירקן אויפן געגעבענעם קערפּער אָדער אין די ראַמען פון דער געגעבענער דערשיינונג אָדער אינעווייניק אין דער געגעבענער געזעלשאַפט; — קעגנזייטיקע אָפּהענגיקייט און ענגסטער, אומצערייסלעכער צוזאַמענהאַנג פון אַלע זייטן פון יעדער דערשיינונג (דערביי אנטדעקט די געשיכטע אַלץ נייע און נייע זייטן), א צוזאַמענהאַנג, וואָס גיט אַן איינהייטלעכן, געזעצמעסיקן וועלט־פּראָצעס פון דער באַוועגונג, — אָט דאָס זיינען אייניקע שטריכן פון דער דיאַלעקטיק, אלס די מער אינהאַלטרייכע (איידער די געוויינלעכע) לערע וועגן אנטוויקלונג. (פרג. מאַרקס' בריוו צו ענגעלסן פון 8 יאַנואַר 1868 יאָר, וואו ער מאַכט חוזק פון שטיינס „הילצערנע טריכאָטאָמיעס", וואָס ס'איז אַן אבסורד זיי צונויפמישן מיט דער מאַטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק.)

# די מאטעריאליסטישע אויפפאסונג פון דער געשיכטע

דאס אײנזען די ניט־קאנסעקווענטקײט, ניט־פארענדיקטקײט, אײנזײטיקײט פונעם אלטן מאטעריאליזם האט געבראכט מארקסן צו דער איבערצײגונג, אז עס איז נײטיק די װיסנשאפט װעגן דער געזעלשאפט צו „ברענגען אין אײנקלאנג מיט דעם מאטעריאליסטישן יסוד און איבערבויען זי אויף דעם דאזיקן יסוד“*. אויב דאס באוואוסטזײן דערקלערט דער מאטעריאליזם בכלל פון דעם זײן, און ניט פארקערט, איז אין דער אנווענדונג צום געזעלשאפטלעכן לעבן פון דער מענטשהײט האט דער מאטעריאליזם געפאדערט דעם ג ע ז ע ל ש א פ ט ל ע כ ן באוואוסטזײן צו דערקלערן פון דעם ג ע ז ע ל ש א פ ט ל ע כ ן זײן. „די טעכנאלאגיע, — זאגט מארקס („קאפיטאל“, I **), — דעקט אויף די אקטיווע באציאונג פונעם מענטשן צו דער נאטור, דעם אוממיטלבארן פראצעס פון פראדוצירן זײן לעבן, און צוזאמען דערמיט אויך זײנע געזעלשאפטלעכע לעבנס־באדינגונגען און די גײסטיקע פארשטעלונגען, וואס דרינגען ארויס פון זײ“. א פארגאנצטע פארמולירונג פון די גרונט־הנחות פונעם מאטעריאליזם, אנגעווענדט צו דער מענטשלעכער געזעלשאפט און צו איר געשיכטע, האט מארקס געגעבן אינעם פארווארט צום ווערק „צו דער קריטיק פון דער פאליטישער עקאנאמיע“ אין אזוינע ווערטער:

„אין דער געזעלשאפטלעכער פראדוקציע פון זײער לעבן טרעטן די מענטשן ארײן אין באשטימטע, נויטווענדיקע, פון זײער ווילן אומאפהענגיקע, פארהעלטענישן — פראדוציר־פארהעלטענישן, וואס אנטשפרעכן א באשטימטער אנטוויקלונגס־שטופע פון זײערע מאטעריעלע פראדוקטיוו־קרעפטן.

דער סכום פון די דאזיקע פראדוציר־פארהעלטענישן בילדעט די עקאנאמישע סטרוקטור פון דער געזעלשאפט, דעם רעאלן באזיס, אויף וועלכן עס דערהייבט זיך א יורידישער און פאליטישער איבערבוי און וועלכן עס אנטשפרעכן באשטימטע פארמען פונעם געזעלשאפטלעכן באוואוסטזײן. דער אופן פון פראדוצירן דאס מאטעריעלע לעבן באדינגט דעם סאציאלן, פאליטישן און גײסטיקן לעבנס־פראצעסן בכלל. ניט דאס באוואוסטזײן פון די מענטשן באשטימט זײער זײן, נאר פארקערט, זײער געזעלשאפטלעך זײן באשטימט זײער באוואוסטזײן. אויף א געוויסער שטופע פון זײער אנטוויקלונג קומען די מאטעריעלע פראדוקטיוו־קרעפטן פון דער געזעלשאפט אין א ווידערשפרוך מיט די פאראנענע פראדוציר־פארהעלטענישן, אדער, — און דאס איז בלויז א יורידישער אויסדרוק דערפון, — מיט די אייגנטום־פארהעלטע־

* פ. ע נ ג ע ל ס, לודוויג פײערבאך, ז. 22, מלוכה־פארלאג „דער אמת“ 1940 י. — ר ע ד.

** ק. מ א ר ק ס, קאפיטאל, ב. I, ז. 301, 1936 י. — ר ע ד.

נישן, אין וועלכע זיי האָבן זיך ביז אהער געהאט אנטוויקלט. פֿון אנטוויקלונגס־
פֿאָרמען פֿון די פּראָדוקטיוו־קרעפֿטן ווערן די דאָזיקע פֿארהעלטענישן פֿארוואנדלט
אין פּענטעס פֿאר די פּראָדוקטיוו־קרעפֿטן. דאן קומט אָן אן עפּאָכע פֿון סאָציאַלער
רעוואָלוציע. מיט דער פֿארענדערונג פֿון דער עקאָנאָמישער באזע קומט פֿאָר מער
אָדער ווייניקער גיך אן איבערקערעניש אינעם גאנצן אומגעהייערן אויבערבוי. ביים
באטראכטן אזוינע איבערקערענישן מוז מען שטענדיק אונטערשיידן צווישן דער
מאטעריעלער איבערקערעניש אין די עקאָנאָמישע פּראָדוציר־באדינגונגען — דער
איבערקערעניש, וועלכע מען קאָן קאָנסטאטירן מיט נאטורוויסנשאפֿטלעכער פּינקט־
לעכקייט,— און די יורידישע, פּאָליטישע, רעליגיעזע, קינסטלערישע אָדער פֿילאָסאָ־
פֿישע, קורץ: די אידעאָלאָגישע פֿאָרמען, אין וועלכע די מענטשן באגרייפֿן דעם
דאָזיקן קאָנפֿליקט און קעמפֿן קעגן אים.

פּונקט ווי מען קאָן ניט אורטיילן וועגן אן איינצלנעם מענטשן אויפֿן סמך פֿון דעם,
וואָס ער אליין טראכט וועגן זיך, פּונקט אזוי קאָן מען ניט אורטיילן וועגן אזא מין
איבערקערעניש־עפּאָכע לויט איר באוואוסטזיין. פֿארקערט, דאָס דאָזיקע באוואוסטזיין
דארף מען דערקלערן פֿון די ווידערשפּרוכן פֿונעם מאטעריעלן לעבן, פֿון דעם
פֿאראנענעם קאָנפֿליקט צווישן די געזעלשאפֿטלעכע פּראָדוקטיוו־קרעפֿטן און די
פּראָדוציר־פֿארהעלטענישן"... „אין אלגעמיינע שטריכן קאָן מען דעם אזיאטישן,
דעם אנטיקן, דעם פֿעאָדאלן און דעם מאָדערנעם, דעם בורזשואזן, פּראָדוציר־
אופֿן באצייכענען אלס פּראָגרעסיווע עפּאָכעס פֿון דער עקאָנאָמישער געזעלשאפֿט־
לעכער פֿאָרמאציע"*. (פֿרג. מארקס' קורצע פֿאָרמולירונג אינעם בריוו צו ענגעלסן
פֿון 7 יולי 1866 יאָר: „אונדזער טעאָריע וועגן באשטימען די אָרגאניזאציע פֿון דער
ארבעט דורך די פּראָדוציר־מיטלען" **).

די אנטדעקונג פֿון דער מאטעריאליסטישער אויפֿפֿאסונג פֿון דער
געשיכטע, אָדער, ריכטיקער, די קאָנסעקווענטע פֿאָרזעצונג, די אָנ־
ווענדונג פֿונעם מאטעריאליזם צום געביט פֿון די געזעלשאפֿטלעכע
דערשיינונגען האָט באזייטיקט די צוויי הויפּט־חסרונות פֿון די פֿרי־
ערדיקע היסטאָרישע טעאָריעס. ערשטנס, פֿלעגן זיי אין בעסטן פֿאל
באטראכטן נאָר די אידייאישע מאָטיוון פֿון דער היסטאָרישער טע־
טיקייט פֿון די מענטשן, ניט אויספֿאָרשנדיק, דורך וואָס די דאָזיקע
מאָטיוון ווערן ארויסגערופֿן, ניט אויפֿכאפּנדיק די אָביעקטיווע גע־
זעצמעסיקייט אין דער אנטוויקלונג פֿון דער סיסטעם געזעלשאפֿט־
לעכע פֿארהעלטענישן, ניט איינזעענדיק די וואָרצלען פֿון די דאָזיקע
פֿארהעלטענישן אין דעם גראד אנטוויקלונג פֿון דער מאטעריעלער
פּראָדוקציע; צווייטנס, פֿלעגן די פֿריערדיקע טעאָריעס איגנאָרירן
גראָד די האנדלונגען פֿון די מ א ס ן פֿון דער באפֿעלקערונג, בעת דער
היסטאָרישער מאטעריאליזם האָט צום ערשטן מאָל געגעבן די מעג־
לעכקייט מיט נאטור־געשיכטלעכער פּינקטלעכקייט אויסצופֿאָרשן די
געזעלשאפֿטלעכע לעבנס־באדינגונגען פֿון די מאסן און די פֿארענדע-

---

* ק. מ א ר ק ס, צו דער קריטיק פֿון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, ז. 6—7,
מלוכה־פֿארלאג פֿון פּאָליט. ליט., 1938 י.— ר ע ד.

** ק. מ א ר ק ס און פֿ. ע נ ג ע ל ס, ווערק, ב. XXIII, ז. 363. — ר ע ד.

רונגען פון די דאָזיקע באַדינגונגען. די פאָרמאַרקסישע „סאָציאָ־
לאָגיע" און היסטאָריאָגראַפיע פלעגן אין ב ע ס ט ן פאַל געבן אַן
אָנהויפונג פון רויע פאַקטן, שטיקלעכווייז אָנגעקליבענע, און פלעגן
שילדערן איינצלנע זייטן פונעם היסטאָרישן פּראָצעס. דער מאַרקסיזם
האָט אָנגעוויזן דעם וועג צום אַלץ אַרומנעמענדיקן, אַלזייטיקן שטו־
דירן דעם פּראָצעס פון אַנטשטייאונג, אַנטוויקלונג און ירידה פון די
געזעלשאַפטלעך־עקאָנאָמישע פאָרמאַציעס, באַטראַכטנדיק דעם ק אָ מ־
פּ ל ע ק ס פון אַלע ווידערשפּרעכלעכע טענדענצן, זעענדיק זיי אין די
לעבנס־באַדינגונגען און פּראָדוציר־באַדינגונגען פון די פאַרשיידענע
ק ל אַ ס ן פון דער געזעלשאַפט, וועלכע (די באַדינגונגען) לאָזן זיך גע־
נוי באַשטימען, באַזייטיקנדיק דעם סוביעקטיוויזם און דעם ווילקיר
אין אויסוויילן איינצלנע „דאָמינירנדיקע" אידייען אָדער אינעם אויס־
טייטשן זיי, אויפדעקנדיק די וו אָ ר צ ל ע ן פון אַלע, אָן אויסנאַם, אי־
דייען און פון אַלע פאַרשיידענע טענדענצן אינעם צושטאַנד פון די
מאַטעריעלע פּראָדוקטיוו־קרעפטן. די מענטשן מאַכן אַליין זייער גע־
שיכטע. וואָס באַשטימט אָבער די מאָטיוון פון די מענטשן און נעמ־
לעך פון די מאַסן מענטשן; וואָס רופט אַרויס די צוזאַמענשטויסן פון
די ווידערשפּרעכלעכע אידייען און שטרעבונגען; וואָס שטעלט מיט
זיך פאָר דער קאָמפּלעקס פון די אַלע צוזאַמענשטויסן פון דער גאַנ־
צער מאַסע מענטשלעכע געזעלשאַפטן; וואָס שטעלן מיט זיך פאָר
די אָביעקטיווע פּראָדוציר־באַדינגונגען פונעם מאַטעריעלן לעבן,
וועלכע שאַפן די באַזע פון דער גאַנצער היסטאָרישער טעטיקייט פון
די מענטשן; א וועלכער איז דער אַנטוויקלונגס־געזעץ פון די דאָזיקע
באַדינגונגען, — אויף דעם אַלעם האָט מאַרקס געווענדט די אויפ־
מערקזאַמקייט און האָט אָנגעוויזן דעם וועג צום וויסנשאַפטלעכן
שטודירן די געשיכטע, אַלס אַן איינהייטלעכן פּראָצעס, א געזעצמע־
סיקן אין זיין גאַנצער גוואַלדיקער פילזייטיקייט און ווידערשפּרעכ־
לעכקייט.

## דער קלאַסן־קאַמף

אַז די שטרעבונגען פון איין טייל מיטגלידער פון דער געזעל־
שאַפט זיינען דיאַמעטראַל קעגנזעצלעך צו די שטרעבונגען פון די
אַנדערע, אַז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז פול מיט ווידערשפּרוכן,
אַז די געשיכטע באַווייזט אונדז דעם קאַמף צווישן פעלקער און גע־

זעלשאפטן, ווי אויך אינווייניק אין זיי, און אז עס בײַטן זיך, א חוץ דעם נאָך, פעריאָדן פון רעוואָלוציע און רעאקציע, פון שלום און מלחמה, פון שטילשטאנד און שנעלן פראָגרעס אָדער ירידה, — די דאָזיקע פאקטן זײַנען אלגעמיין־באוואוסט. דער מארקסיזם האָט געגעבן דעם לייטפאָדעם, וואָס גיט די מעגלעכקײַט צו אנטדעקן די געזעצמעסיקײַט אין דעם דאָזיקן שײַנבארן לאבירינט און כאאָס, נעמלעך: די טעאָריע פון קלאסן־קאמף. בלויז ווען מען שטודירט אויס דעם גאנצן קאָמפּלעקס שטרעבונגען פון אלע מיטגלידער פון דער געגעבענער געזעלשאפט אָדער גרופּע געזעלשאפטן, קאָן מען קומען צום באשטימען וויסנשאפטלעך דעם רעזולטאט פון די דאָזיקע שטרעבונגען. דער קוואל פון די ווידערשפּרעכלעכע שטרעבונגען איז דער אונטערשייד אין דער לאגע און אין די לעבנס־באדינגונגען פון די ק ל א ס ן, אויף וועלכע יעדע געזעלשאפט איז צעטיילט. „די געשיכטע פון אלע ביז איצטיקע געזעלשאפטן — זאָגט מארקס אינעם „קאָמוניסטישן מאניפעסט" (מיטן אויסנאם פון דער געשיכטע פון דער אוראלטער געמיינדע — גיט צו ענגעלס) — איז די געשיכטע פון קלאסן־קאמפן. פרײַער און שקלאף, פּאטריציער און פּלעבייער, פּריץ און לײַב־אייגענער, צעך־מײַסטער און געזעל, קורץ — אונטערדריקער און אונטערדריקטע זײַנען שטענדיק געשטאנען אין קעגנזאץ איינע צו די אנדערע, האָבן געפירט אן אומאויפהערלעכן, אמאָל א באהאלטענעם, אמאָל אן אָפענעם קאמף, א קאמף, וואָס פלעגט זיך יעדעס מאָל פארענדיקן מיט א רעוואָלוציאָנערער איבערגעשטאלטונג פון דעם גאנצן געזעלשאפטלעכן בנין אָדער מיטן געמיינזאמען אונטערגאנג פון די קעמפנדיקע קלאסן... די מאָדערנע בורזשואזע געזעלשאפט, וואָס איז ארויס פונעם שוים פון דער אונטערגעגאנגענער פעאָדאלער געזעלשאפט, האָט ניט פארניכטעט די קלאסן־קעגנזאצן. זי האָט בלויז געבראכט נײַע קלאסן, נײַע באדינגונגען פון אונטערדריקונג און נײַע פאָרמען פון קאמף אָנשטאָט די אלטע. אונדזער עפּאָכע, די עפּאָכע פון דער בורזשואזיע, צייכנט זיך אָבער אויס דערמיט, וואָס זי האָט די קלאסן־קעגנזאצן פאראייפאכט: די גאנצע געזעלשאפט צעשפּאלט זיך אלץ מער און מער אויף צוויי גרויסע פײַנטלעכע לאגערן, אויף צוויי גרויסע קלאסן, וואָס שטייען איינער קעגן דעם אנדערן, — בורזשואזיע און פּראָלעטאריאט". זינט דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע האָט די אייראָפּעישע געשיכטע מיט א באזונדער אָנשוי־

לעבקייט אויפגעדעקט אין א רײ לענדער אָט דעם ווירקלעכן גרונט פון די געשעענישן, דעם קלאַסן-קאַמף. און שוין די עפּאָכע פון רעסטאווראַציע אין פראַנקרייך האָט ארויסגערוקט א רײ היסטאָריקער (טיערי, גיזאָ, מיניע, טיער), וואָס האָבן, פאַראַלגעמיינערנדיק דאָס, וואָס קומט פאָר, ניט געקאָנט ניט אָנערקענען דעם קלאַסן-קאַמף אלס שליסל צום פאַרשטיין די גאַנצע פראַנצויזישע געשיכטע. און די נײַסטע עפּאָכע, די עפּאָכע פונעם פולשטענדיקן זיג פון דער בורזשואַזיע, פון די פאָרשטייערשאַפט-אינסטיטוציעס, פון ברייטן (אויב ניט אלגעמיינעם) וואַל-רעכט, פון דער ביליקער טעגלעכער פרעסע, וועלכע ווערט פאַרשפּרייט צווישן די מאַסן, אד"ג., די עפּאָכע פון מעכטיקע און אלץ ברייטערע ארבעטער-פאַרבאַנדן און אונטערנעמער-פאַרבאַנדן אאז״וו., האָט באַוויזן נאָך אָנשוילעכער (כאָטש צומאָל אין זייער א איינזײַטיקער, „פרידלעכער", „קאָנסטיטוציאָנעלער" פאָרם) דעם קלאַסן-קאַמף אלס טרײַב-קראַפט פון די געשעענישן. די ווײַטער ציטירטע שטעל פון מאַרקס' „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" וועט אונדז ווײַזן, וואָס פאַרא פאָדערונגען וועגן אָביעקטיוון אנאַליז פון דער לאַגע פון יעדן קלאַס אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט, אין צוזאַמענהאַנג מיטן אנאַליז פון די אנטוויקלונגס-באַדינגונגען פון יעדן קלאַס, עס האָט ארויסגעשטעלט מאַרקס דער געזעלשאַפטלעכער וויסנשאַפט: „פון אלע קלאַסן, וואָס שטייען בײַ היינטיקן טאָג קעגן דער בורזשואַזיע, איז בלויז דער פּראָלעטאַריאַט א ווירקלעך רעוואָלוציאָנערער קלאַס. אלע אנדערע קלאַסן דעגראַדירן און גייען אונטער מיט דער אנטוויקלונג פון דער גרויס-אינדוסטריע; דער פּראָלעטאַריאַט אָבער איז איר ער און אייגענער פּראָדוקט. די מיטלשטאַנדן: דער קליין-אינדוסטריעלער, דער קליין-הענדלער, דער האַנטווערקער, דער פּויער — זיי אלע קעמפן קעגן דער בורזשואַזיע, כדי צו ראַטעווען פון אונטערגאַנג זייער עקזיסטענץ אלס מיטלשטאַנדן. זיי זײַנען, אלזאָ, ניט רעוואָלוציאָנער, נאָר קאָנסערוואַטיוו. נאָך מער, זיי זײַנען רעאַקציאָנער: זיי שטרעבן א דריי צו טאָן די ראָד פון דער געשיכטע אויף צוריק. זײַנען זיי יאָ רעוואָלוציאָנער, איז עס אויף אזויפיל, אויף וויפל זיי שטייט פאָר אריבערצוגיין אין די רייען פונעם פּראָלעטאַריאַט, אויף וויפל זיי פאַרטיידיקן ניט זייערע איצטיקע, נאָר זייערע צוקינפטיקע אינטערעסן, אויף וויפל זיי פאַרלאָזן זייער אייגענעם שטאַנדפּונקט, כדי צו שטעלן זיך אויפן שטאַנד-

פונקט פונעם פראָלעטאַריאַט". אין אַ רײ היסטאָרישע ווערק (זע ליטעראַטור) האָט מאַרקס געגעבן גלענצנדיקע און טיפע מוסטערן פון מאַטעריאַליסטישער היסטאָריאָגראַפיע, פון אַנאַליזירן די לאַגע פון יעדן איינצלנעם קלאַס און צומאָל אויך פון פאַרשיידענע גרופּעס אָדער שיכטן אינעווייניק אינעם קלאַס, און האָט קלאָר באַוויזן, פאַרוואָס און ווי אַזוי „יעדער קלאַסן־קאַמף איז אַ פּאָליטישער קאַמף"*. די ציטאַטע, וואָס מיר האָבן געבראַכט, אילוסטרירט, וואָס פאַר אַ קאָמפּליצירטע נעץ געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן און איבערגאַנג־שטופן פון איין קלאַס צום אַנדערן, פון דער פאַרגאַנגענהייט צו דער צוקונפט מאַרקס אַנאַליזירט, כדי פעסטצושטעלן די גאַנצע רעזולטאַנטע פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג.

די זאַמע טיפע, אַלזייטיקע און דעטאַלע באַשטעטיקונג און אָנווענדונג פון מאַרקס' טעאָריע איז זײַן עקאָנאָמישע לערע.

## מאַרקס' עקאָנאָמישע לערע

„דער ענדציל פון מײַן ווערק — זאָגט מאַרקס אינעם פאָרוואָרט צום „קאַפּיטאַל" — איז אויפדעקן דעם עקאָנאָמישן באַוועגונג־געזעץ פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט", דה. פון דער קאַפּיטאַליסטישער, בורזשואַזער געזעלשאַפט. די אויספאָרשונג פון די פּראָדוקציר־פאַרהעלטענישן פון דער פאַראַנענער, היסטאָריש-באַשטימטער, געזעלשאַפט אין זייער אַנטשטייאונג, אַנטוויקלונג און ירידה — אָט דאָס איז דער אינהאַלט פון מאַרקס' עקאָנאָמישער לערע. אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט הערשט די פּראָדוקציע פון סחורות, און מאַרקס' אַנאַליז הייבט זיך דעריבער אָן פון אַנאַליז פון סחורה.

### ווערט

אַ סחורה איז, ערשטנס, אַ זאַך, וואָס באַפרידיקט אַ וועלכע־עס־איז באַדערפעניש פונעם מענטשן; צווייטנס, אַ זאַך, וואָס קאָן אויסגעטוישט ווערן אויף אַן אַנדער זאַך. די נוצלעכקייט פון אַ זאַך מאַכט

* ק. מאַרקס און פ. ענגעלס, „מאַניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, ז. 61, מלוכה־פאַרלאַג „דער אמת", 1940 י. — רעד.

זי פאַר אַ געברויך־ווערט. דער טוישווערט (אָדער פּשוט ווערט) איז פריִער פאַר אַלץ די פאַרהעלטעניש, די פּראָפּאָרץ בײַם אויסטוישן אַ געוויסע צאָל געברויך־ווערטן פון איין מין אויף אַ געוויסער צאָל געברויך־ווערטן פון אַן אַנדער מין. די טאָג־טעגלעכע דערפאַרונג באַווײַזט אונדז, אַז מיליאָנען און מיליאַרדן אַזוינע פאַלן פון אויסטויש גלײַכן שטענדיק צו איינעם צום אַנדערן אַלע און אַלערליי געברויך־ווערטן, די סאַמע פאַרשיידנאַרטיקע און אײנע מיט די אַנדערע ניט פאַרגלײַכבאַרע. וואָס זשע איז פאַראַן געמיינזאַמס צווישן די דאָזיקע פאַרשיידנאַרטיקע זאַכן, וואָס ווערן שטענדיק צוגעגליכן איינע צו דער אַנדערער אין אַ באַשטימטער סיסטעם געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן? געמיינזאַמס צווישן זיי איז דאָס, וואָס זיי זײַנען פּראָדוקטן פון אַרבעט. אויסטוישנדיק פּראָדוקטן, גלײַכן די מענטשן צו די סאַמע פאַרשיידענע מינים אַרבעט. די פּראָדוקציע פון סחורות איז אַ סיסטעם געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן, בײַ וועלכער די אײנצלנע פּראָדוצירער שאַפן פאַרשיידנאַרטיקע פּראָדוקטן (די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט־צעטיילונג), און אַט די אַלע פּראָדוקטן ווערן בײַם אויסטויש צוגעגליכן איינער צום אַנדערן. הייסט עס, אַז דאָס געמיינזאַמע, וואָס איז פאַראַן אין אַלע סחורות, איז ניט די קאָנקרעטע אַרבעט פון אַ באַשטימטן צווײַג פון דער פּראָדוקציע, ניט די אַרבעט פון איין מין, נאָר די אַבסטראַקטע מענטשלעכע אַרבעט, די מענטשלעכע אַרבעט בכלל. די גאַנצע אַרבעטס־קראַפט פון דער געגעבענער געזעלשאַפט, פאָרגעשטעלט אין דער סומע ווערטן פון אַלע סחורות, איז איינע און די זעלבע מענטשלעכע אַרבעטס־קראַפט: מיליאַרדן פאַקטן פון אויסטויש דערווײַזן דאָס. און יעדע איינצלנע סחורה איז, אַלזאָ, בלויז אַ געוויסער טייל פון דער געזעלשאַפטלעך־נייטיקער אַרבעט־צײַט. די גרייס פונעם ווערט ווערט באַשטימט דורכן סכום געזעלשאַפטלעך־נייטיקע אַרבעט אָדער דורך דער אַרבעט־צײַט, וואָס איז געזעלשאַפטלעך־נייטיק אויף צו פּראָדוצירן די געגעבענע סחורה, דעם געגעבענעם געברויך־ווערט. „צוגלײַכנדיק בײַם אויסטויש זייערע פאַרשיידנאַרטיקע פּראָדוקטן איינעם צום אַנדערן, גלײַכן די מענטשן צו זייערע פאַרשיידענע מינים אַרבעט איינעם צום אַנדערן. זיי ווייסן דאָס ניט, אָבער זיי טוען דאָס"*. ווערט איז אַ פאַרהעלטעניש

*ק. מאַרקס, קאַפּיטאַל, ב. I, ז. 35, 1936 י. — רעד.

צווישן צוויי פערזאָנען, — ווי עס האָט געזאָגט איינער אַן אַלטער עקאָנאָמיסט; ער וואָלט נאָר באַדאַרפט צוגעבן: א פארהעלטעניש, וואָס איז פארדעקט מיט א זאַכן־שלייער. בלויז פון שטאַנדפּונקט פון דער סיסטעם געזעלשאַפטלעכע פּראָדוציר־פארהעלטענישן פון איין באַשטימטער היסטאָרישער פאָרמאַציע פון דער געזעלשאַפט, דערביי פון פארהעלטענישן, וואָס באַקומען זייער אויסדרוק אין דער מאַסן־דער־שיינונג פון אויסטויש, וועלכע חזרט זיך איבער מיליאַרדן מאָל, קאָן מען פארשטיין, וואָס איז אַזוינס ווערט. „אַלס ווערטן זיינען די סחורות ניט מער ווי באַשטימטע סכומען פארגליווערטע אַרבעט־צייט“*. נאָך א דעטאַלן אַנאַליז פונעם צווייענדיקן כאַראַקטער פון דער אַרבעט, וואָס איז פארקערפּערט אין די סחורות, גייט מאַרקס אַריבער צו אַנאַליזירן די פ א ר ם פ ו ן ו ו ע ר ט און ד א ס ג ע ל ט. מאַרקס' הויפּטאויפגאַבע איז דאָ דערלערנען די א נ ט ש ט י י א ו נ ג פון דער געלט־פאָרם פונעם ווערט, דערלערנען דעם ה י ס ט א ָ ר י ש ן פ ר א ָ צ ע ס פון דעם, ווי עס וויקלט זיך פאַנאַנדער דער אויסטויש, אָנ־געהויבן פון איינצלנע, צופעליקע אַקטן פון אויסטויש („די איינפאַכע, איינצלנע אָדער צופעליקע ווערט־פאָרם“: א באַשטימטער סכום פון איין סחורה ווערט אויסגעטוישט אויף א באַשטימטן סכום פון אַן אַנדער סחורה) ביז דער אַלגעמיינער ווערט־פאָרם, ווען א ריי פארשיידענע סחו־רות ווערט אויסגעטוישט אויף איין און דער זעלבער באַשטימטער סחו־רה, און ביז דער געלט־פאָרם פונעם ווערט, ווען אָט אַזא באַשטימטע סחורה, דער אַלגעמיינער עקוויוואַלענט, איז גאָלד. דאָס געלט, אַלס העכסטער פּראָדוקט פון דער אַנטוויקלונג פונעם אויסטויש און פון דער סחורה־פּראָדוקציע, פארטושט, פארשלייערט דעם געזעלשאַפט־לעכן כאַראַקטער פון די פּריוואַטע אַרבעטן, דעם געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענהאַנג צווישן די איינצלנע פּראָדוצירער, וואָס זיינען פאַר־אייניקט דורכן מאַרק. מאַרקס אַנאַליזירט ביז גאָר דעטאַל די פאַר־שיידענע פונקציעס פון געלט, דערביי איז אויך דאָ (ווי בכלל אין די ערשטע קאַפּיטלען פון „קאַפּיטאַל“) באַזונדערס וויכטיק צו פאַר־צייכענען, אַז די אַבסטראַקטע און, ווי עס דוכט זיך צומאָל אויס, ריין דעדוקטיווע פאָרם פון באַשרייבן שפּיגלט אין דער אמתן אָפּ א גיגאַנטישן פאַקטישן מאַטעריאַל וועגן דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון

* ק. מ א ר ק ס, קאַפּיטאַל, ב. I, ז. 5. — ר ע ד.

נעם אויסטויש און פון דער סחורה־פראָדוקציע. „דאָס געלט זעצט פאָר־אויס א געוויסע הייך פונעם סחורה־אויסטויש. די פארשיידענע פאָר־מען געלט — איינפאכער סחורה־עקוויוואלענט אָדער צירקולאציע־מיטל, אָדער צאָל־מיטל, אוצר און אלוועלטלעך געלט — ווײַזן אָן, אָפהענגיק דערפון, אין וואָס פאר א פארנעם עס ווערט אָנגעווענדט די אָדער יענע פונקציע, א וועלכע פון אָט די פונקציעס פרעוואלירט פארהעלטניסמעסיק, — ווײַזן אָן אויף גאנץ פארשיידענע שטופעס פונעם געזעלשאפטלעכן פראָדוציר־פראָצעס" („קאפיטאל", ב. I *).

## מערווערט

אויף א געוויסער אנטוויקלונגס־שטופע פון דער סחורה־פראָדו־קציע ווערט געלט פארוואנדלט אין קאפיטאל. די פאָרמולע פון דער סחורה־צירקולאציע איז געווען — ס (סחורה) — ג (געלט) — ס (סחורה), דה. דער פארקויף פון איין סחורה, כדי צו קויפן אן אנדערע. די אלגעמיינע פאָרמולע פון קאפיטאל איז, פארקערט, ג — ס — ג, דה. קויפן, כדי צו פארקויפן (מיט ריוח). מערווערט רופט מארקס אָט דעם צוואוקס פונעם לכתחילהדיקן ווערט פונעם געלט, וואָס ווערט געלאָזן אין אומזאץ. דער פאקט פון אזא „וואוקס" פונעם געלט אינעם קאפיטאליסטישן אומזאץ איז אלגעמיין־באוואוסט. טאקע אָט דער „וואוקס" פארוואנדלט דאָס געלט אין ק א פ י ט א ל, אלס א באזונדערע, היסטאָריש־באשטימטע, געזעלשאפטלעכע פראָדו־ציר־פארהעלטעניש. דער מערווערט קאָן ניט אנטשטיין פון דער סחורה־צירקולאציע, ווײַל זי ווייסט נאָר דעם אויסטויש פון עקוויוואלענטן, ער קאָן ניט אנטשטיין פון א הוספה צו דער פרײַז, ווײַל די קעגנזײַטיקע פארלוסטן און געווינסן פון די קויפער און פארקויפער וואָלטן זיך אויסגעגלײַכט, און עס האנדלט זיך גראָד וועגן א מאסן־דערשײַנונג, וועגן א דורכשניטלעכער, געזעלשאפטלעכער דערשײַנונג, און ניט וועגן אן אינדיווידועלער. כדי צו באקומען מערווערט, „דארף דער געלט־באזיצער געפינען אויפן מארק אזא סחורה, וואָס דער עצם געברויך־ווערט אירער זאָל פארמאָגן די אָריגינעלע אייגנשאפט צו זײַן א קוואל פון ווערט" **, אזא סחורה, וואָס דער פראָצעס פון גע־

---

* ק. מארקס, קאפיטאל, ב. I, ז. 121, 1936 י. — רעד.
** דארט, ז. 118. — רעד.

ברויכן זי זאָל גלײַכצײַטיק זײַן א פּראָצעס פון שאפן ווערט. און אזא סחורה איז פאראן. דאָס איז דעם מענטשנס ארבעטס־קראפט. דאָס געברויכן זי איז די ארבעט, און די ארבעט שאפט ווערט. דער געלט־באזיצער קויפט די ארבעטס־קראפט לויט איר ווערט, וועלכער ווערט באשטימט, פונקט ווי דער ווערט פון יעדער אנדער סחורה, דורך דער געזעלשאפטלעך־נייטיקער ארבעט־צײַט, וואָס איז נייטיק אויף צו פּראָדוצירן זי (דה. דורך די קאָסטן אויף אויסצוהאלטן דעם ארבעטער און זײַן פאמיליע). געקויפט די ארבעטס־קראפט, האָט דער געלט־באזיצער דאָס רעכט צו ברויכן זי, דה. צו צווינגען זי ארבעטן א גאנצן טאָג, לאָמיר זאָגן, 12 שעה. דער ארבעטער אָבער שאפט אין משך פון 6 שעה (די „נייטיקע" ארבעט־צײַט) א פּראָדוקט, וואָס דעקט די הוצאות אויף אויסהאלטן דעם ארבעטער, און אין משך פון די ווײַטערדיקע 6 שעה (די „מער"־ארבעט־צײַט) שאפט ער א „מער־פּראָדוקט" אָדער א מערווערט, פאר וועלכן דער קאפיטאליסט האָט ניט געצאָלט. הייסט עס, אז פון שטאנדפונקט פונעם פּראָדוציר־פּראָצעס דארף מען אינעם קאפיטאל אונטערשיידן צוויי טיילן: דעם באשטענדיקן קאפיטאל, וואָס ווערט פארווענדט אויף פּראָדוציר־מיטלען (מאשינעס, ארבעט־געצײַג, רוי־מאטעריאל אאוו.), — זײַן ווערט גייט אָן ענדערונגען אריבער (מיטאמאָל אָדער טיילווײַז) אויפן פארטיקן פּראָדוקט — און דעם פארענדערלעכן קאפיטאל, וואָס ווערט פארווענדט אויף ארבעטס־קראפט. דער ווערט פון דעם דאָזיקן קאפיטאל בלײַבט ניט אומפארענדערט, נאָר ער וואקסט אוים אין פּראָצעס פון דער ארבעט — ער שאפט מערווערט. כדי אויסצודריקן דעם גראד עקספּלואטאציע פון דער ארבעטס־קראפט דורכן קאפיטאל, דארף מען דעריבער פארגלײַכן דעם מערווערט ניט מיטן גאנצן קאפיטאל, נאָר בלויז מיטן פארענדערלעכן קאפיטאל. די נאָרמע פון מערווערט, ווי מארקס רופט אָן די דאָזיקע פארהעלטעניש, וועט זײַן, למשל, אין אונדזער בײַשפּיל 6/6, דה. 100%.

די היסטאָרישע פאָרהנחה פאר דער אנטשטייאונג פון קאפיטאל איז, ערשטנס, די אָנזאמלונג פון א געוויסער געלט־סומע אין די הענט פון איינצלנע פּערזאָנען בײַ א פארהעלטנישמעסיק הויכן אנטוויקלונגס־ניוואָ פון דער סחורה־פּראָדוקציע בכלל, און, צווייטנס, די עקזיסטענץ פון א „פרײַען" ארבעטער, א „פרײַען" אין צווייערלייאיקן זין: פרײַ פון יעדערליי שטערונגען אָדער באגרענעצונגען צו פאר־

קויפן די ארבעטס־קראפט און פרײַ פון ערד און בכלל פון פּראָדו־ציר־מיטלען, אין ארבעטער, וואָס געהערט ניט צו קיין בעל־הבית, א „פּראָלעטאריער", וואָס קאָן ניט עקזיסטירן אנדערש, סײַדן ער זאָל פארקויפן זײַן ארבעטס־קראפט.

די פארגרעסערונג פונעם מערווערט איז מעגלעך דורך צוויי גרונט־מעטאָדן: דורכן פארלענגערן דעם ארבעט־טאָג („אבסאָלוטער מער־ווערט") און דורכן פארקירצן דעם נייטיקן ארבעט־טאָג („רעלאטיווער מערווערט"). בײַם אנאליזירן דעם ערשטן מעטאָד וויקלט מארקס פאנאנדער א גראנדיעזן בילד, ווי אזוי דער ארבעטער־קלאס קעמפט פאר פארקירצן דעם ארבעט־טאָג און ווי אזוי די מלוכה־מאכט מישט זיך אַרײַן אויף צו פארלענגערן דעם ארבעט־טאָג (XIV — XVII יה.) און צו פארקירצן אים (די פאבריק־געזעצגעבונג פון XIX יה.). נאָך דעם, ווי ס'איז דערשינען דער „קאפיטאל", האָט די געשיכטע פון דער ארבעטער־באוועגונג אין אלע ציוויליזירטע לענדער פון דער וועלט געגעבן טויזנטער און טויזנטער נײַע פאקטן, וואָס אילוסטרירן דאָס דאָזיקע בילד.

בײַם אנאליזירן די פּראָדוקציע פון רעלאטיוון מערווערט פאָרשט מארקס אויס די דרײַ היסטאָרישע גרונט־סטאדיעס, ווען דער קאפיטאליזם העכערט די ארבעט־פּראָדוקטיווקײַט: 1) די איינ־פאכע קאָאָפּעראציע; 2) די ארבעט־צעטיילונג און די מאנופאק־טור; 3) די מאשינען און די גרויס־אינדוסטריע. ווי טיף מארקס האָט דאָ אויפגעדעקט די גרונטיקע, די טיפּישע שטריכן פון דער אנטוויקלונג פון קאפיטאליזם, איז צו זען, אגב, פון דעם, וואָס די אויספאָרשונגען וועגן דער רוסישער אזוי־גערופענער „קוסטארי־שער" אינדוסטריע גיבן א ביז גאָר רײַכן מאטעריאל צו אילוסטרירן די ערשטע צוויי פון די אָנגערופענע דרײַ סטאדיעס. און די רעוואָלו־ציאָניזירנדיקע ווירקונג פון דער גרויסער מאשין־אינדוסטריע, וואָס מארקס האָט באשריבן אין 1867 יאָר, האָט זיך אין משך פונעם האלבן יאָרהונדערט, וואָס איז זינט דעמלט אוועק, אנטפּלעקט אין א גאנצער ריי „נײַע" לענדער (רוסלאנד, יאפּאָניע און אנד.).

ווײַטער. העכסט וויכטיק און נײַ איז בײַ מארקסן דער אנאליז פון דער ק א פּ י ט א ל ־ אָ נ ז א מ ל ו נ ג, ד"ה. פון דער פארוואנדלונג פון א טייל מערווערט אין קאפּיטאל, דאָס פארווענדן אָט דעם טייל מער־ווערט ניט אויף די פערזענלעכע באדערפענישן אָדער קאפּריזן פונעם קאַ־

פיטאליסט, נאָר אויף נײַער פראָדוקציע. מארקס האָט באוויזן דעם טעות פון דער גאנצער פריִערדיקער קלאסישער פאָליטישער עקאָנאָמיע (אָנגעהויבן פון אדאם סמיט), וועלכע האָט געהאלטן, אז דער גאנצער מערווערט, וואָס ווערט פארוואנדלט אין קאפיטאל, גייט אויפן פארענדערלעכן קאפיטאל. פאקטיש אָבער צעפאלט ער זיך אויף פראָדוציר־מיטלען פליוס פארענדערלעכער קאפיטאל. א קאָלאָסאלע באדײַטונג האָט אין דעם פראָצעס פון דער אנטוויקלונג פון קאפיטאליזם און פון זײַן פארוואנדלונג אין סאָציאליזם דאָס, וואָס דער טייל פון באשטענדיקן קאפיטאל (אין דער אלגעמיינער סומע פון קאפיטאל) וואקסט גיכער אין פארגלײַך מיטן טייל פונעם פארענדערלעכן קאפיטאל.

פארגיכערנדיק דעם פראָצעס פון ארויסשטויסן די ארבעטער דורך דער מאשין, שאפנדיק אויף איין פאָליוס רײַכטום, אויפן אנדערן — דלות, שאפט די אָנזאמלונג פון קאפיטאל די אזוי־גערופענע „אינדוסטריעלע רעזערוו־ארמיי“, דעם „רעלאטיוון איבערפלוס“ פון ארבעטער אָדער די „קאפיטאליסטישע איבערבאפעלקערונג“, וואָס נעמט אָן העכסט פארשיידנארטיקע פאָרמען און וואָס גיט דעם קאפיטאל די מעגלעכקייט אויסערסט גיך צו פארברייטערן די פראָדוקציע. אָט די מעגלעכקייט אין צוזאמענהאנג מיטן קרעדיט און מיט דער קאפיטאל־אָנזאמלונג אין די פראָדוציר־מיטלען גיט, צווישן אנדערן, דעם שליסל צו פארשטיין די קריזיסן פון איבערפראָדוקציע, וואָס פלעגן פעריאָדיש אָנקומען אין די קאפיטאליסטישע לענדער צוערשט דורכשניטלעך יעדע צען יאָר, נאָכדעם מיט גרעסערע און ווייניקער באשטימטע אינטערוואלן. פון דער קאפיטאל־אָנזאמלונג, וואָס קומט פאָר אויפן באזיס פון קאפיטאליזם, דארף מען אונטערשיידן די אזוי־גערופענע אורשפרינגלעכע אָנזאמלונג: דאָס אפרײַסן איבערגוואלד דעם ארבעטמאן פון די פראָדוציר־מיטלען, דאָס ארויסטרײַבן די פויערים פון דער ערד, דאָס גנבענען געמיינדישע ערד, די סיסטעם פון קאָלאָניעס און פון מלוכה־חובות, פון פראָטעקציאָניסטישע גרענעץ־אָפּצאָלן אאוו. די „אורשפרינגלעכע אָנזאמלונג“ שאפט אויף איין פאָליוס דעם „פרײַען“ פראָלעטאריער, אויפן צווייטן — דעם געלט־באזיצער, דעם קאפיטאליסט.

די „היסטאָרישע טענדענץ פון דער קאפיטאליסטישער אָנזאמלונג“ כאראקטעריזירט מארקס מיט

פאָלגנדיקע באַרימטע ווערטער: „די עקספּראָפּריאַציע פון די אוממיטלבאַרע פּראָדוצירער ווערט דורכגעפירט מיטן אומדערבאַרעמדיקסטן וואַנדאַליזם און געטריבן פון די געמיינסטע, שמוציקסטע, קליינלעכסטע און עקלהאַפטסטע לײַדנשאַפטן. דאָס פּריוואַט־אייגנטום, וואָס איז דערוואָרבן געוואָרן דורך דער אַרבעט פון דעם אייגנטימער״ (פונעם פויער און האַנטווערקער) „און וואָס באַזירט זיך, אַזוי צו זאָגן, אויף דער צונויפגעוואַקסנקײַט פונעם איינצלנעם אומאָפּהענגיקן אַרבעטס־אינדיווידו מיט זײַנע אַרבעט־געצײַג און אַרבעט־מיטלען, ווערט אַרויסגעשטויסן דורכן קאַפּיטאַליסטישן פּריוואַט־אייגנטום, וואָס באַזירט זיך אויף עקספּלואַטאַציע פון פרעמדער, אָבער פאָרמעל פרײַער אַרבעטסקראַפט... איצט דאַרף שוין עקספּראָפּריאירט ווערן ניט דער אַרבעטער, וואָס פירט אַליין אַ זעלבשטענדיקע ווירטשאַפט, נאָר דער קאַפּיטאַליסט, וואָס עקספּלואַטירט אַ סך אַרבעטער. די דאָזיקע עקספּראָפּריאַציע קומט פאָר דורך דער שפּיל פון די אימאַנענטע געזעצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע גופא, דורך דער צענטראַליזאַציע פון די קאַפּיטאַלן. איין קאַפּיטאַליסט צעקלאַפּט אַ סך קאַפּיטאַליסטן. האַנט בײַ האַנט מיט דער דאָזיקער צענטראַליזאַציע אָדער עקספּראָפּריאַציע פון פיל קאַפּיטאַליסטן מצד ווייניקע אַנטוויקלט זיך אין אַלץ ברייטערן און גרעסערן פאַרנעם די קאָאָפּעראַטיווע פאָרם פונעם אַרבעט־פּראָצעס, די באַוואוסטזיניקע טעכנישע אָנווענדונג פון דער וויסנשאַפט, די פּלאַנמעסיקע עקספּלואַטאַציע פון דער ערד, די פאַרוואַנדלונג פון די אַרבעטס־מיטלען אין אַזוינע אַרבעטס־מיטלען, וואָס קאָנען געברויכט ווערן נאָר געמיינזאַם, די עקאָנאָמיזירונג פון אַלע פּראָדוציר־מיטלען דורך געברויכן זיי אַלס פּראָדוציר־מיטלען פון קאָמבינירטער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, דאָס אַרײַנפלעכטן אַלע פעלקער אין דער נעץ פונעם וועלט־מאַרק און צוזאַמען דערמיט אַנטוויקלט זיך דער אינטערנאַציאָנאַלער כאַראַקטער פונעם קאַפּיטאַליסטישן רעזשים. צוזאַמען מיט דער כסדר קלענער ווערנדיקער צאָל מאַגנאַטן פון קאַפּיטאַל, וואָס אוזורפּירן און מאָנאָפּאָליזירן אַלע מעלות פון דעם דאָזיקן פאַרוואַנדלונגס־פּראָצעס, וואַקסט דער דלות, די אונטערדריקונג, די קנעכטשאַפט, די דעגענערירונג, די עקספּלואַטאַציע, אָבער צוזאַמען דערמיט וואַקסט אויך דער צאָרן פונעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס ווערט געשולט, פאַראייניקט און אָרגאַניזירט דורכן מעכאַניזם פונעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוציר־פּראָצעס גופא.

די מאָנאָפּאָל פונעם קאפּיטאל ווערט א פענטע פאר דעם פּראָדוציר־אופן, וואָס איז אויסגעוואקסן מיט איר און אונטער איר. די צענטראליזירונג פון די פּראָדוציר־מיטלען און די פארגעזעלשאפטלעכונג פון דער ארבעט דערגרייכן צו אזא פונקט, ווען זיי קענען מער ניט הויזן מיט זייער קאפּיטאליסטישער הילע. זי ווערט אויפגעריסן. עס שלאָגט די שעה פון קאפּיטאליסטישן פּריוואט־אייגנטום. די עקספּראָפּריאטאָרן ווערן עקספּראָפּריאירט" („קאפּיטאל", ב. I *).

העכסט וויכטיק און נײַ איז, ווײַטער, דער אנאליז פון דער רעפּראָדוקציע פונעם געזעלשאפטלעכן קאפּיטאל, אינגאנצן גענומען, וואָס מארקס האָט געגעבן אינעם II באנד „קאפּיטאל". אויך דאָ נעמט מארקס ניט קיין אינדיווידועלע דערשײַנונג, נאָר א מאסן־דערשײַנונג, ניט קיין ברוך־טייל פון דער עקאָנאָמיע פון דער געזעלשאפט, נאָר די דאָזיקע גאנצע עקאָנאָמיע צוזאמען גענומען. פאררריכטנדיק דעם אויבן אָנגעוויזענעם פעלער פון די קלאסיקער, טיילט מארקס די גאנצע געזעלשאפטלעכע פּראָדוקציע אויף צוויי גרויסע אָפּטיילן: 1) די פּראָדוקציע פון פּראָדוציר־מיטלען און 2) די פּראָדוקציע פון געברויך־ארטיקלען, און ער באטראכט דעטאל, אויף די צאָל־בײַשפּילן, וואָס ער האָט גענומען, די צירקולאציע פון דעם גאנצן געזעלשאפטלעכן קאפּיטאל אינגאנצן גענומען סײַ בײַם פּראָדוצירן אינעם פריערדיקן פארנעם סײַ בײַם אָנזאמלען. אינעם III באנד „קאפּיטאל" איז געלייזט געוואָרן די פראגע וועגן דער אויסבילדונג פון דער דורכשניטלעכער נאָרמע פונעם ריוח אויפן גרונט פונעם ווערט־געזעץ. א גרויסן שריט פאָראויס האָט די עקאָנאָמישע וויסנשאפט, אין מארקס' פּערזאָן, געמאכט דערמיט, וואָס דער אנאליז ווערט געמאכט פון שטאנדפּונקט פון עקאָנאָמישע מאסן־דערשײַנונגען, פונעם גאנצן קאָמפּלעקס פון דער געזעלשאפטלעכער ווירטשאפט, און ניט פון שטאנדפּונקט פון איינצלנע קאזוסן אָדער פון דער אויסערלעכער אויבערפלאך פון דער קאָנקורענץ, וואָס דערמיט באגרענעצט זיך אָפט די וואולגארע פּאָליטישע עקאָנאָמיע אָדער די מאָדערנע „טעאָריע פון נוצלעכקײַט־גרענעץ". צוערשט אנאליזירט מארקס די אנטשטייאונג פונעם מערווערט און נאָכדעם גייט ער שוין אריבער צו דער צעפאלונג פונעם מערווערט אויף ריוח, פּראָצענט און ערד־

* ק. מארקס, קאפּיטאל. ב. I, ז. 655—656, 1936 י. — רעד.

רענטע. ריוח איז די פארהעלטעניש פונעם מערווערט צום גאנצן קאפיטאל, וואָס איז אריינגעלייגט אין דער אונטערנעמונג. קאפיטאל פון „הויכער אָרגאנישער סטרוקטור" (דה. ווען דער באשטענדיקער קאפיטאל שטייגט אריבער דעם פארענדערלעכן קאפיטאל אין א גרעסערער מאָס, ווי די דורכשניטלעכע געזעלשאפטלעכע) גיט א נאָרמע פון ריוח א קלענערע פארן דורכשניט. קאפיטאל פון „נידעריקער אָרגאנישער סטרוקטור" — א העכערע פארן דורכשניט. די קאָנקורענץ צווישן די קאפיטאלן, דער פרייער איבערגאנג זייערער פון איין צווייג אין א צווייטן וועט אין ביידע פאלן דערפירן די נאָרמע פון ריוח צום דורכשניט. די סומע ווערטן פון אלע סחורות פון דער געגעבענער געזעלשאפט פאלט צונויף מיט דער סומע פון די פרייזן פון די סחורות, אָבער אין די איינצלנע אונטערנעמונגען און אין די איינצלנע פראָדוציר-צווייגן ווערן די סחורות, אונטער דער ווירקונג פון דער קאָנקורענץ, פארקויפט ניט לויט זייער ווערט, נאָר לויט די *פרייזן פון דער פראָדוקציע* (אָדער פראָדוציר-פרייזן), וואָס זיינען גלייך צום פארווענדטן קאפיטאל פּליוס דעם דורכשניטלעכן ריוח.

אזוי-אַרום איז דער אלגעמיין-באוואוסטער און אומבאשטרייטבארער פאקט, אז די פרייזן ווייכן אָפּ פון די ווערטן און דער ריוח ווערט אויסגעגליכן, פולשטענדיק דערקלערט דורך מארקסן אויפן גרונט פונעם ווערט-געזעץ, ווייל די סומע ווערטן פון אלע סחורות פאלט צונויף מיט דער סומע פרייזן. אָבער דאָס רעדוצירן דעם (געזעלשאפטלעכן) ווערט צו די (אינדיווידועלע) פרייזן קומט פאָר ניט פשוט, ניט אוממיטלבאר, נאָר אויף זייער א קאָמפּליצירטן אופן: ס'איז גאנץ נאטירלעך, אז אין א געזעלשאפט פון צעשפּליטערטע סחורה-פראָדוצירער, וואָס זיינען פארבונדן נאָר דורכן מארק, קאָן די געזעצמעסיקייט ניט באקומען איר אויסדרוק אנדערש, ווי אין א דורכשניטלעכער, געזעלשאפטלעכער, מאסעווער געזעצמעסיקייט, ווען די אינדיווידועלע אָפּווייכונגען אין דער אָדער יענער זייט דעקן איינע די אנדערע.

די העכערונג פון דער ארבעטס-פראָדוקטיוויקייט באטייט א גיכערן וואוקס פונעם באשטענדיקן קאפיטאל אין פארגלייך מיטן פארענדערלעכן. און אזוי ווי מערווערט איז א פונקציע בלויז פונעם

פאַרענדערלעכן קאַפּיטאַל, איז פאַרשטענדלעך, אַז די נאָרמע פון ריוח (די פאַרהעלטעניש פונעם מערווערט צום גאַנצן קאַפּיטאַל, און ניט בלויז צו זײַן פאַרענדערלעכן טייל) האָט אַ טענדענץ צו פאַלן. מאַרקס אַנאַליזירט אויספירלעך די דאָזיקע טענדענץ און אַ רײ אומשטענדן, וואָס פאַרדעקן זי אָדער ווירקן קעגן איר. ניט אָפּשטעלנדיק זיך אויפן איבערגעבן די ביז גאָר אינטערעסאַנטע אָפּטיילן פונעם III באַנד, וואָס זײַנען געווידמעט דעם וואוכער־, האַנדלס־ און געלט־קאַפּיטאַל, וועלן מיר איבערגיין צום סאַמע עיקר: צו דער טעאָריע פון דער ע ר ד ־ ר ע נ ט ע. מחמת דעם, וואָס דער שטח ערד, וועלכע איז אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אינגאַנצן פאַרנומען דורך איינצלנע בעלי־בתים, איז באַגרענעצט, ווערט די פּראָדוציר־פּרײַז פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן באַשטימט דורך די פּראָדוציר־קאָסטן ניט אויפן דורכשניטלעכן, נאָר אויפן ערגסטן באָדן, ניט בײַ דורכשניטלעכע, נאָר בײַ די ערגסטע באַדינגונגען פון צושטעלן דעם פּראָדוקט אויפן מאַרק. דער אונטערשייד צווישן דער דאָזיקער פּרײַז און דער פּרײַז פון דער פּראָדוקציע אויף די בעסטע באָדנס (אָדער בײַ די בעסטע באַדינגונגען) גיט די אונטערשייד־רענטע אָדער די ד י פ ע ר ע נ ־ צ י ע ל ע רענטע. אַנאַליזירנדיק דעטאַל די דאָזיקע רענטע, באַווײַזנדיק איר אַנטשטייאונג בײַם אונטערשייד אין דער פרוכטבאַרקייט פון איינצלנע ערד־חלקים, בײַם אונטערשייד אין דער גרייס פון די קאַפּיטאַל־אינוועסטיציעס אין דער ערד, האָט מאַרקס פולשטענדיק אויפגעדעקט (זע אויך „די טעאָריעס פון מערווערט”*, וואו עס פאַרדינט אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט די קריטיק פון ראָדבערטוסן) ריקאַרדאָס טעות, אַז די דיפערענציעלע רענטע באַקומט זיך בלויז נאָר ווען מען גייט סיסטעמאַטיש איבער פון בעסערער ערד צו ערגערער. אדרבה, עס טרעפן אויך פאַרקערטע איבערגאַנגען, עס טרעפט, אַז איין קאַטעגאָריע ערד ווערט פאַרוואַנדלט אין אַנדערע (מחמת דעם פּראָגרעס פון דער אַגריקולטור־טעכניק, דעם וואוקס פון די שטעט אאַוו.), און אַ טיפער טעות איז דער באַרימטער „געזעץ וועגן דער פאַלנדיקער פרוכטבאַרקייט פונעם באָדן” — דאָס באַטײַט וועלן אַרויפוואַרפן אויף דער נאַטור די חסרונות, די באַגרענעצטקייטן און ווידערשפּרוכן פון קאַפּיטאַליזם. ווײַטער, די גלײַכקייט פון ריוח אין

* ק. מ א ר ק ס, טעאָריעס פון מערווערט, ב. II, ט. I, ז. 111—205, 1936 י.—ר ע ד.

אַלע צווײַגן פון דער אינדוסטריע און פון דער פּאָלקס-ווירטשאַפט בכלל זעצט פּאָראויס די פולע פרײַהײַט פון קאָנקורענץ, די פרײַהײַט איבערצוגיסן קאַפּיטאַל פון איין צווײַג אין אַנדערן. דאָס פּריוואַט־אייגנטום אויף ערד שאַפט אָבער אַ מאָנאָפּאָליע, אַ מניעה פאַר אָט דעם פרײַען איבערגיסן. די פּראָדוקטן פון דער לאַנדווירטשאַפט, וועלכע צייכנט זיך אויס מיט אַ נידעריקערער סטרוקטור פון קאַפּי־טאַל און וועלכע האָט, אַלזאָ, אינדיווידועל אַ העכערע נאָרמע פון ריוח, גייען, מחמת דער דאָזיקער מאָנאָפּאָליע, ניט אַרײַן אין דעם פולשטענדיק פרײַען פּראָצעס פון אויסגלײַכן די ריוח־נאָרמע; דער ערד־אייגנטימער, אַלס מאָנאָפּאָליסט, באַקומט די מעגלעכקײַט אײַנ־צוהאַלטן די פּרײַז העכער פאַרן דורכשניט, און אָט די מאָנאָפּאָל־פּרײַז שאַפט די אַבסאָלוטע רענטע. די דיפערענציעלע רענטע קאָן ניט פאַרניכטעט ווערן בײַם קאַפּיטאַליזם, די אַבסאָלוטע רענטע קאָן יאָ פאַרניכטעט ווערן — צום בײַשפּיל, ווען עס ווערט נאַציאָנאַלי־זירט די ערד, ווען זי גייט אַריבער אין אייגנטום פון דער מלוכה. אַזאַ אַריבערגאַנג וואָלט באַטײַט אונטערגרײַסן די מאָנאָפּאָליע פון די פּריוואַטע אייגנטימער, וואָלט באַטײַט קאָנסעקווענטער, פולקומער דורכפירן די פרײַהײַט פון קאָנקורענץ אין דער ערד־אַרבעט. און דעריבער, פאַרצייכנט מאַרקס, זײַנען די ראַדיקאַלע בורזשואַ ניט איין מאָל אין דער געשיכטע אַרויסגעטראָטן מיט אָט דער פּראָגרעסיווער בורזשואַזער פאָדערונג צו נאַציאָנאַליזירן די ערד. די דאָזיקע פאָדע־רונג שרעקט אָבער אָפּ די מערהײַט פון דער בורזשואַזיע, ווײַל זי „פאַרטשעפּעט“ צו נאָענט נאָך אַן אַנדער מאָנאָפּאָליע, וואָס איז אין אונדזער צײַט באַזונדערס וויכטיק און „פילבאַר“: די מאָנאָפּאָליע אויף די פּראָדוציר־מיטלען בכלל. (מערקווירדיק פּאָפּולער, געפּרעסט און קלאָר האָט מאַרקס אַליין פאָרמולירט זײַן טעאָריע וועגן דורכ־שניטלעכן ריוח אויפן קאַפּיטאַל און וועגן דער אַבסאָלוטער ערד־רענטע אינעם בריוו צו ענגעלסן דעם 2 אויגוסט 1862 יאָר. זע „קאָרעספּאָנדענץ“, ב. III, ז. 77—81. פרג. אויך דעם בריוו פון 9 אויגוסט 1862 יאָר, דאָרט, ז. 86—87). — צו דער געשיכטע פון דער ערד־רענטע איז וויכטיק אויך אָנצווײַזן אויף מאַרקס' אַנאַליז, וואָס באַווײַזט ווי אַזוי די אָפּאַרבעט־רענטע (ווען דער פּויער שאַפט דעם מערפּראָדוקט דורך דעם, וואָס ער אַרבעט אויפן גוטס־באַזיצערס ערד) ווערט פאַרוואַנדלט אין פּראָדוקטן־רענטע אָדער אין

נאַטורעלער רענטע (דער פּויער שאַפט דעם מערפּראָדוקט אויף זײַן
אייגענער ערד — ער גיט אים אָפּ דעם גוטבאַזיצער מחמת „אויסער־
עקאָנאָמישן צוואַנג“), נאָכדעם אין געלט־רענטע (די זעלבע נאַטורעלע
רענטע, פאַרוואַנדלט אין געלט, דער „אָבראָק“ אינעם אַלטן רוס־
לאַנד, מחמת דער אַנטוויקלונג פון דער סחורה־פּראָדוקציע) און צו־
לעצט אין קאַפּיטאַליסטישער רענטע, ווען אָנשטאָט דעם פּויער קומט
דער אונטערנעמער אין דער ערד־אַרבעט, וועלכער פירט די באַאַר־
בעטונג מיט דער הילף פון לוין־אַרבעט. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם
דאָזיקן אַנאַליז פונעם „גענעזיס פון דער קאַפּיטאַליסטישער ערד־
רענטע“ דאַרף מען פאַרצייכענען א ריי מאַרקס׳ טיפע (און פאַר
אָפּגעשטאַנענע לענדער, ווי רוסלאַנד, באַזונדערס וויכטיקע) געדאַנקען
וועגן דער עוואָלוציע פונעם קאַפּיטאַליזם אין דער
ערד־אַרבעט. „די פאַרוואַנדלונג פון דער נאַטורעלער רענטע אין
געלט־רענטע ווערט ניט נאָר אומפאַרמײַדלעך באַגלייט דורך דער אויס־
בילדונג פון א קלאַס באַזיצלאָזע לוין־אַרבעטער, וואָס פאַרדינגען זיך פאַר
געלט, נאָר די אויסבילדונג פון דעם דאָזיקן קלאַס קומט אפילו פאַר ביז
אָט דער פאַרוואַנדלונג. אינעם פּעריאָד פון דער אַנטשטייאונג פון
דעם דאָזיקן קלאַס, ווען ער קומט אויף נאָך בלויז ספּאָראַדיש, אַנט־
וויקלט זיך נאַטירלעך בײַ די מער פאַרמעגלעכע רענטע־פּליכטיקע
פּויערים די געוואוינהייט צו עקספּלואַטירן אויף זייער חשבון די
דאָרפישע לוין־אַרבעטער — פונקט אַזוי, ווי אין די פעאָדאַלע צײַטן
פלעגן די פאַרמעגלעכע לײַב־אייגענע פּויערים אַליין האַלטן לײַב־
אייגענע. בײַ די דאָזיקע פּויערים אַנטוויקלט זיך אַזוי־אַרום ביסלעכ־
ווײַז די מעגלעכקייט אָנצוזאַמלען א געוויסן פאַרמעגן און פאַר
וואַנדלט צו ווערן אַליין אין צוקינפטיקע קאַפּיטאַליסטן. צווישן די
אַלטע ערד־באַזיצער, וואָס פירן א זעלבשטענדיקע ווירטשאַפט, אַנט־
שטייט, אַלזאָ, א פלאַנץ־שול פון קאַפּיטאַליסטישע אַרענדאַטאָרן,
וואָס זייער אַנטוויקלונג איז באַדינגט דורך דער אַלגעמיינער אַנט־
וויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע אויסער דער לאַנד־
ווירטשאַפט“ („קאַפּיטאַל“, III 2, 332 *)... „דאָס עקספּראָפּריאירן
און פאַריאָגן פון דאָרף א טייל דאָרפישע באַפעלקערונג איז ניט
נאָר וואָס עס „באַפרײַט“ פאַרן אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל אַרבעטער,

* ק. מאַרקס, קאַפּיטאַל, ב. III, ז. 703, 1936 י. — רעד.

זייערע לעבנס־מיטלען, זייערע ארבעטס־געצייג, נאָר עס שאפט אויך דעם אינערלעכן מארק" („קאפּיטאל", I 2, 778 *). די פּאראָרעמונג און רואינירונג פון דער דאָרפישער באפעלקערונג, ווידער, שפּילט די ראָליע פון שאפן די רעזערוו־ארמיי ארבעטער פארן קאפּיטאל. אין יעדן קאפּיטאליסטישן לאנד „געפינט זיך דעריבער שטענדיק א טייל דאָרפישע באפעלקערונג אין אן איבערגאנג־צושטאנד צו פארוואנדלט ווערן אין שטאָטישער באפעלקערונג אָדער מאנופאקטור־באפעלקערונג (וואָס פארנעמט זיך ניט מיט ערד-ארבעט). אָט דער קוואל פון רעלאטיווער איבערבאפעלקערונג שטראָמט שטענדיק... דער דאָרפישער ארבעטער ווערט אראָפּגעדריקט צום נידעריקסטן ניוואָ פון ארבעטס-לוין, און ער שטייט שטענדיק מיט איין פוס אינעם זומפּ פון פּאופּעריזם" („קאפּיטאל", I 2, 668 **). דעם פּויערס פּריוואט־אייגנטום אויף דער ערד, וואָס ער באארבעט, איז דער יסוד פון דער קליין־פּראָדוקציע און דער באדינג פאר איר אויפבלי, פאר דעם, אז זי זאָל באקומען א קלאסישע פאָרם. די דאָזיקע קליין־פּראָדוקציע שטימט אָבער בלויז מיט שמאָלע פּרימיטיווע ראמען פון דער פּראָדוקציע און פון דער געזעלשאפט. ביים קאפּיטאליזם „שיידט זיך די עקספּלואטאציע פון די פּויערים אונטער פון דער עקספּלואטאציע פונעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאריאט נאָר לויט דער פאָרם. דער עקספּלואטאָר איז דער זעלבער — דער קאפּיטאל. די איינצלנע קאפּיטאליסטן עקספּלואטירן די איינצלנע פּויערים דורך די היפּאָטעקעס און דער וואוכעריי; דער קלאס קאפּיטאליסטן עקספּלואטירט דעם קלאס פּויערים דורך די מלוכה-שטייערן" („די קלאסן־קאמפן אין פראנקרייך"). „דעם פּויערס פּארצעלע (קליינער ערד-חלק) איז נאָר א געלעגנהייט, וואָס גיט דעם קאפּיטאליסט די מעגלעכקייט ארויסצופּאָמפּען פון דער ערד ריוח, פּראָצענט און רענטע און צו לאָזן דעם ערד־ארבעטער גופא ארויסצובאקומען זיין ארבעט-לוין, ווי אים געפעלט". געוויינלעך גיט דער פּויער אָפּ אפילו דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט, ד.ה. דעם קלאס קאפּיטאליסטן, א טייל פונעם ארבעט-לוין, אראָפּלאָזנדיק זיך „ביזן ניוואָ פונעם אירלענדישן ארענדאַטאָר—כלומרשט אלס פּריוואט־אייגנטימער" („די קלאסן־קאמפן אין

* ק מארקס, קאפּיטאל, ב. I, ז. 642, 1936 י. — רעד.
** דאָרט, ז. 549.— רעד.

פראנקרײַך"). אין וואָס באַשטייט "איינע פון די סיבות פון דעם, וואָס אין די לענדער, וואו עס פּרעוואַלירט דער דריבנער פּויערשער ערד־באַזיץ, שטייט די פּרײַז אויף תבואה נידעריקער, איידער אין די לענדער מיט א קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוציר־אופן"? ("קאַפּיטאַל", III 2, 340 *). דעריין, וואָס דער פּויער גיט אָפּ דער געזעלשאַפט (דה. דעם קלאַס קאַפּיטאַליסטן) אומזיסט א טייל פונעם מער־פּראָדוקט. "אזא נידעריקע פּרײַז (פון תבואה און אנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן) איז, אלזאָ, א רעזולטאַט פון דער אָרעמקײַט פון די פּראָדוצירער און איז בשום־אופן ניט קיין רעזולטאַט פון דער פּראָדוקטיווקײַט פון זייער אַרבעט" ("קאַפּיטאַל", III 2, 340). דאָס דריבנע ערד־אייגנטום, די נאָרמאַלע פאָרם פון דער קליין־פּראָדוקציע, דעגראַדירט, ווערט פאַרניכטעט, גייט אונטער בײַם קאַפּיטאַליזם. "לויט זײַן מהות שליסט דאָס דריבנע ערד־אייגנטום אויס: די אַנטוויקלונג פון די געזעלשאַפטלעכע פּראָדוקטיוו־קרעפטן פון דער אַרבעט, די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט־פאָרמען, די געזעלשאַפטלעכע קאָנצענטראַציע פון די קאַפּיטאַלן, פיצוכט אין א גרויסן פאַרנעם, די אַלץ גרעסערע און גרעסערע אָנווענדונג פון דער וויסנשאַפט. די וואוכערײַ און די שטײַערן־סיסטעם פירן אומפאַרמײַדלעך אומעטום צו זײַן פאַראָרעמונג. דאָס פאַרטאָן דעם קאַפּיטאַל אויף קויפן ערד נעמט אָפּ דעם זעלבן קאַפּיטאַל פון פאַרטאָן אים אויף צו קולטיווירן די ערד. אומענדלעכע צעברעקלונג פון די פּראָדוציר־מיטלען און אָפּגעזונדערטקײַט פון די פּראָדוצירער גופא". (די קאָאָפּעראַציעס, דה. די געזעלשאַפטן פון קליין־פּויערים, וואָס שפּילן א העכסט פּראָגרעסיווע בורזשואַזע ראָליע, שוואַכן בלויז אָפּ די דאָזיקע טענדענץ, זיי פאַרניכטן זי אָבער ניט; מען דאַרף אויך ניט פאַרגעסן, אז די דאָזיקע קאָאָפּעראַציעס גיבן א סך די פאַרמעגלעכע פּויערים און זייער ווייניק, כמעט גאָרניט, דער מאַסע אָרעמשאַפט, און חוץ דעם ווערן די געזעלשאַפטן אליין עקספּלואַטאַטאָרן פון לוין־אַרבעט.) "אומגעהייערע פאַרשווענדונג פון מענטשלעכער קראַפט. אַלץ גרעסערע און גרעסערע פאַרערגערונג פון די פּראָדוציר־באַדינגונגען און פאַרטײַערונג פון די פּראָדוציר־מיטלען — איז א געזעץ פון פאַרצעלישן אייגנטום (קליין־אייגנטום)" **. אויך אין דער ערד־אַרבעט, פּונקט ווי אין דער

* ק. מאַרקס, קאַפּיטאַל, ב. III, ז. 710, 1936 י. — רעד.
** דאָרט, ז. 711. — רעד.

אינדוסטריע, ענדערט דער קאפּיטאַליזם דעם פּראָדוציר־פּראָצעס בלויז פאַר דער פּרייַז פון דער „מארטיראָלאָגיע פון די פּראָדוצירער"*. „דאָס, וואָס די דאָרפישע ארבעטער זיינען צעוואָרפן אויף גרויסע שטחים, נעמט אָפּ זייער ווידערשטאַנד־קראַפט, בעת די קאָנצענט־ראציע פון די שטאָטישע ארבעטער פארגרעסערט די דאָזיקע קראַפט. אין דער מאָדערנער, קאַפּיטאַליסטישער, ערד־ארבעט, פּונקט ווי אין דער מאָדערנער אינדוסטריע, ווערט די העכערונג פון דער פּראָדוק־טיוו־קראַפט פון דער ארבעט און די גרעסערע באַווע͏גלעכקייט אירע געקויפט פאַר דער פּרייַז פון דער רואינירונג און אויסצערונג פון דער ארבעטס־קראַפט גופא. א חוץ דעם איז יעדער פּראָגרעס פון דער קאַפּיטאַליסטישער ערד־ארבעט ניט נאָר א פּראָגרעס אין דער קונסט צו בארויבן דעם ארבעטער, נאָר אויך אין דער קונסט צו בארויבן דעם באָדן... די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע אנטוויקלט, הייסט עס, די טעכניק און די קאָמבינאַציע פונעם געזעלשאַפטלעכן פּראָדוציר־פּראָצעס בלויז אויף אזא אופן, אז זי רייַסט אונטער גלייַכצייַטיק די קוואַלן פון יעדן רייַכטום: די ערד און דעם ארבע־טער" („קאַפּיטאַל", I, סוף פון 13־טן קאַפּיטל).

## דער סאָציאַליזם

פונעם פריִער געזאָגטן איז צו זען, אז דער מעזים וועגן דעם, אז די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט מוז אומפארמייַדלעך פאַר־וואַנדלט ווערן אין א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, פירט מארקס ארויס אינגאנצן און אויסשליסלעך פונעם עקאָנאָמישן באַוועגונג־געזעץ פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט. די פארגעזעלשאַפטלעכונג פון דער ארבעט, וואָס גייט אין טויזנטער פאָרמען אלץ גיכער און גיכער פאָראויס און וואָס אין משך פונעם האַלבן יאָרהונדערט, וואָס איז אוועק זינט מארקס' טויט, באקומט זי א באַזונדערס בולטן אויס־דרוק אינעם וואוקס פון דער גרויס־פּראָדוקציע, פון די קארטעלן, סינדיקאטן און טרעסטן פון די קאַפּיטאַליסטן, ווי אויך אין דעם גי־גאַנטישן אָנוואוקס פון דער גרייס און מאַכט פונעם פינאַנץ־קאַפּי־טאַל, — אָט דאָס איז דער הויפּט־מאַטעריעלער יסוד פאַרן

* ק. מארקס, קאַפּיטאַל, ב. I, ז. 420, 1936 י. — רעד.

אומפארמיידלעכן אָנקום פון סאָציאַליזם. די אינטעלעקטועלע און די
מאָראַלישע טרייב־קראַפט, דער פיזישער אויספירער פון אָט דער
פארוואנדלונג איז דער פראָלעטאריאט, וועלכן דער קאפיטאליזם
אליין דערציט. אויסדריקנדיק זיך אין פארשיידענע און אלץ אינ־
האלטרייכערע פארמען, ווערט זיין קאמף קעגן דער בורזשואזיע אומ־
פארמיידלעך א פאָליטישער קאמף, אזא, וואָס איז געווענדט דערצו,
אז דער פראָלעטאריאט זאָל דעראָבערן די פאָליטישע מאכט (די
„דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט"). די פארגעזעלשאפטלעכונג פון
דער פראָדוקציע קאָן נישט ניט ברענגען צום אריבערגאנג פון די
פראָדוציר־מיטלען אין אייגנטום פון דער געזעלשאפט, צום „עקספּראָ־
פּריאירן די עקספּראָפּריאטאָרן". די קאָלאָסאלע העכערונג פון דער
ארבעט־פראָדוקטיווקייט, די פארקירצונג פון ארבעט־טאָג, דאָס פאר־
בייטן די רעשטן, די רואינען פון דער קליינער, פרימיטיווער, צע־
דרויבלטער פראָדוקציע אויף קאָלעקטיווער פארפולקומטער ארבעט —
אָט דאָס זיינען די דירעקטע פאָלגן פון אזא איבערגאנג. דער קא־
פיטאליזם צערייסט ענדגילטיק די פארבינדונג צווישן דער ערד־אר־
בעט און דער אינדוסטריע, אין דער זעלבער צייט גרייט ער אָבער
דורך זיין העכסטער אנטוויקלונג נייע עלעמענטן פאר דער דאָזיקער
פארבינדונג, פאר דער פאראייניקונג פון דער אינדוסטריע מיט דער
ערד־ארבעט אויפן גרונט פון באוואוסטזיניקן אָנווענדן די וויסנשאפט
און פון קאָמבינירן די קאָלעקטיווע ארבעט, אויפן גרונט פון א נייעם
פאנאנדערזעצן די מענטשהייט (ווען עס וועט ווערן פארניכטעט סיי
די דאָרפישע פארוואָרפנקייט, אָפּגעריסנקייט פון דער וועלט, פאר־
ווילדעוועטקייט, סיי די קעגן־נאטירלעכע קאָנצענטרירונג פון גיגאנטי־
שע מאסן אין די גרויסע שטעט). די נייע פאָרם פון דער פאמיליע,
די נייע באדינגונגען אין דער לאגע פון דער פרוי און אין דער דער־
ציאונג פון די אונטערוואקסנדיקע דורות ווערן צוגעגרייט דורך די
העכסטע פאָרמען פונעם מאָדערנעם קאפיטאליזם: די פרויען־ און
קינדער־ארבעט, די צעפאלונג פון דער פאטריארכאלער פאמיליע
דורכן קאפיטאליזם באקומען אין דער מאָדערנער געזעלשאפט אומ־
פארמיידלעך די סאמע שווידערלעכע, קאטאסטראָפאלע און עקלהאפטע
פאָרמען. און פונדעסטוועגן „איז די גרויס־אינדוסטריע, דערמיט,
וואָס זי גיט די פרויען, יוגנטלעכע און קינדער פון ביידע געשלעכטן
אן אנטשיידנדיקע ראָליע אינעם געזעלשאפטלעך־אָרגאניזירטן פראָ־

דוציר־פּראָצעס, אויסער דער ספּערע פונעם היימישן שטייגער, שאפט זי דעם עקאָנאָמישן יסוד פאר א העכערער פאָרם פון דער פאמיליע און פון דער באציאונג צווישן די געשלעכטן. פארשטייט זיך, ס׳איז פּונקט אזא אבסורד צו האלטן פאר אבסאָלוט די קריסטלעך־גערמאנישע פאָרם פון פאמיליע, ווי די אלט־רוימישע פאָרם אָדער די אלט־גריכישע אָדער די מזרחדיקע, וואָס בילדן, אגב, אין פארבינדונג איינס מיט דער אנדערער איין היסטאָרישע אנטוויקלונגס־ריי. ס׳איז קלאָר, אז דאָס בילדן א קאָמבינירטן ארבעטס־פּערסאָנאל פון מענטשן פון ביידע געשלעכטן און פון פארשיידענעם עלטער, וואָס אין דער ספּאָנטאנער, ברוטאלער, קאפּיטאליסטישער פאָרם זיינער, ווען דער ארבעטער עקזיסטירט צוליבן פּראָדוציר־פּראָצעס, און ניט דער פּראָדוציר־פּראָצעס צוליבן ארבעטער, איז עס א פארפּעסטעטער קוואל פון פארדארבונג און שקלאפעריי, — מוז זיך ביי אנטשפּרעכיקע באדינגונגען, פארקערט, אומפארמיידלעך פארוואנדלען אין א קוואל פון הומאנער אנטוויקלונג" („קאפּיטאל", I, סוף פונעם 13־טן קאפּיטל). די פאבריק־סיסטעם באווייזט אונדז „די עמבריאָנען פון דער דערציאונג פון דער צוקונפט־עפּאָכע, ווען פאר אלע קינדער העכער פון א געוויסן עלטער וועט די פּראָדוקטיווע ארבעט פאראייניקט ווערן מיט אונטערריכט און גימנאסטיק ניט נאָר אלס מעטאָד צו פארמערן די געזעלשאפטלעכע פּראָדוקציע, נאָר אויך אלס איינציקן מעטאָד צו פּראָדוצירן אלזייטיק אנטוויקלטע מענטשן" (דאָרטן). אויף דעם זעלבן היסטאָרישן באָדן, — ניט אין זין בלויז פון דערקלערן די פארגאנגענהייט, נאָר אויך אין זין פון פאָראויסזען אָן שרעק די צוקונפט און פון דרייסטער פּראקטישער טעטיקייט, וואָס איז געווענדט צו פארווירקלעכן זי, — שטעלט מארקס׳ סאָציאליזם אויך די פראגן וועגן נאציאָנאליטעט און מלוכה. נאציעס זיינען אן אומפארמיידלעכער פּראָדוקט און אן אומפארמיידלעכע פאָרם פון דער בורזשואזער עפּאָכע פון געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג. און דער ארבעטער־קלאס האָט ניט געקאָנט קרעפטיק ווערן, רייף ווערן, אויספורעמען זיך, ניט „קאָנסטיטווירנדיק זיך זעלבסט אלס נאציע", ניט זייענדיק „נאציאָנאל" („כאָטש אין קיין פאל ניט אין דעם זין, ווי די בורזשואזיע פארשטייט עס" *). די אנטוויקלונג פונעם קאפּיטאליזם ברעכט אָבער אלץ מער און

* ק. מארקס און פ. ענגעלס, מאניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי, ז. 74, מלוכה־פארלאג „דער אמת", 1940 י. — רעד.

מער די נאַציאָנאַלע מחיצות, זי פאַרניכטעט די נאַציאָנאַלע אָפּגעזונ־
דערטקייט, אויפן אָרט פון די נאַציאָנאַלע אנטאַגאָניזמען שטעלט זי די
קלאַסן־אַנטאַגאָניזמען. אין די אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער
איז עס העריבער אַן אבסאָלוטער אמת, אַז „די ארבעטער האָבן ניט קיין
פאָטערלאַנד" און אַז די „פאַראייניקטע האַנדלונג" פון די ארבעטער
וויניקסטנס פון די ציוויליזירטע לענדער „איז איינע פון די ערשטע
באַדינגונגען פאַר דער באַפרייאונג פונעם פּראָלעטאַריאַט" („קאָמו־
ניסטישער מאַניפעסט"). די מלוכה, אָט די אָרגאַניזירטע געוואַלט,
איז אומפאַרמיידלעך אַנטשטאַנען אויף א געוויסער אַנטוויקלונגס־
שטופע פון דער געזעלשאַפט, ווען די געזעלשאַפט האָט זיך צע־
שפּאָלטן אויף אומקאָמפּראָמיסלעכע קלאַסן, ווען זי וואָלט ניט גע־
קאָנט עקזיסטירן אָן א „מאַכט", וואָס שטייט כלומרשט איבער דער
געזעלשאַפט און האָט זיך ביז א געוויסן גראַד אָפּגעזונדערט פון
איר. אנטשטייענדיק אינווייניק אין די קלאַסן־ווידערשפּרוכן, ווערט
די מלוכה „א מלוכה פון דעם שטאַרקסטן, עקאָנאָמיש הערשנדיקן
קלאַס, וועלכער ווערט מיט דער הילף פון דער מלוכה אויך דער
פּאָליטיש הערשנדיקער קלאַס און באַקומט אזוי־אַרום נייע מיטלען
צו אונטערטעניק מאַכן און עקספּלואַטירן דעם אונטערדריקטן קלאַס.
אזוי, אשטייגער, איז די אַנטיקע מלוכה געווען, פריער פאַר אַלץ, א
מלוכה פון שקלאַפן־באַזיצער אויף צו אונטערטעניק מאַכן די שקלאַפן,
די פעאָדאַלע מלוכה — אַן אָרגאַן פונעם אַדל צו אונטערטעניק מאַכן די
לייב־אייגענע פּויערים, און די מאָדערנע פאָרשטייערשאַפט־מלוכה
איז א געצייג פאַר דער עקספּלואַטאַציע פון די לוין־ארבעטער מצד
די קאַפּיטאַליסטן" (ענגעלס אין דער „אנטשטייאונג פון דער פאַמי־
ליע, פונעם פּריוואַט־אייגנטום און פון דער מלוכה", וואו ער גיט אי־
בער זיינע און מאַרקס' אָנשויאונגען). אפילו די סאַמע פרייע און
פּראָגרעסיווע פאָרם פון דער בורזשואַזער מלוכה, די דעמאָקראַטישע
רעפּובליק, באַזייטיקט כלל ניט אָט דעם פאַקט, זי ענדערט נאָר זיין
פאָרם (די פאַרבינדונג פון דער רעגירונג מיט דער בירזשע, די
קאָרומפּירטקייט — דירעקטע און אומדירעקטע — פון די באַאַמטע
און פון דער פּרעסע אאַוו.). פירנדיק צו דער פאַרניכטונג פון די קלאַסן,
פירט דער סאָציאַליזם במילא אויך צו דער פאַרניכטונג פון דער
מלוכה. „דער ערשטער אקט, — שרייבט ענגעלס אין „אנטי־די־
רינג", — מיט וועלכן די מלוכה טרעט אַרויס ווירקלעך אַלס פאָר־*

שטייער פון דער גאנצער געזעלשאפט — די עקספּראָפּריאציע פון די פּראָדוציר־מיטלען לטובת דער גאנצער געזעלשאפט, — וועט גלייכצייטיק זיין איר לעצטער זעלבשטענדיקער אקט אלס מלוכה. דאָס אריינמישן זיך פון דער מלוכה־מאכט אין די געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישן וועט ווערן איבעריק אויף איין געביט נאָכן אנדערן און וועט אויפהערן פון זיך אליין. אַנשטאָט דאָס רעגירן איבער מענטשן וועט קומען דאָס פארוואלטן מיט זאכן און דאָס רעגולירן דעם פּראָדוציר־פּראָצעס. די מלוכה וועט ניט „אָפּגעשאפט" ווערן, זי וועט „אָפּשטארבן"". „די געזעלשאפט, וואָס אָרגאניזירט די פּראָדוקציע אויפן גרונט פון פרייע און גלייכע אסאָציאציעס פון פּראָדוצירער, וועט אוועקשטעלן די מלוכה־מאַשין דאָרטן, וואו עס וועט דאן זיין פאר איר דאָס אָרט: אין מוזיי פון אלטערטימלעכע חפצים, לעבן דער שפּינראָד און דער בראָנזענער האק" (ענגעלס אין דער „אנטשטייאונג פון דער פאמיליע, פונעם פּריוואט־אייגנטום און פון דער מלוכה").

צולעצט, אין דער פראגע וועגן דער באציאונג פון מארקס' סאָציאליזם צום קליין־פּויערטום, וואָס וועט בלייבן אין דער עפּאָכע פון עקספּראָפּריאירן די עקספּראָפּריאטאָרן, דארף מען אָנווייזן אויף ענגעלסעס א דערקלערונג, וואָס דריקט אויס מארקס' געדאנקען: „ווען מיר וועלן נעמען די מלוכה־מאכט, וועלן מיר אפילו ניט טראכטן וועגן עקספּראָפּריאירן מיט געוואלט די קליין־פּויערים (אלצאיינס, צי מיט קאָמפּענסאציע אָדער אָן קאָמפּענסאציע), ווי מיר וועלן דאָס געצוואונגען זיין צו טאָן מיט די גרויסע ערד־באזיצער. אונדזער אויפגאבע בנוגע די קליין-פּויערים וועט באשטיין פריער פאר אלץ דערין, אז מיר זאָלן זייער פּריוואטע פּראָדוקציע און פּריוואט־אייגנטום אריבערפירן אין א געמיינשאפטלעכס, אָבער ניט מיט געוואלט, נאָר דורך ביישפּיל און דורך געבן צוליב דעם צוועק געזעלשאפטלעכע הילף. און דעמלט וועלן מיר, פארשטייט זיך, האָבן גענוג מיטלען צו דערווייזן דעם פּויער אלע מעלות פון אזא אריבערגאנג, — מעלות, וואָס מען דארף זיי אים דערקלערן שוין איצט" (ענגעלס: „צו דער אגראר־פראגע אין מערב", אלעקסייעווס אויסגאבע, ז. 17. די רוסישע איבערזעצונג איז מיט גרייזן. דער אָריגינאל אין דער „Neue Zeit").

# די טאַקטיק פֿונעם קלאַסן־קאַמף
# פֿונעם פּראָלעטאַריאַט

קלאָר געמאַכט נאָך אין די יאָרן 1844—1845 איינעם פֿון די גרונט־חסרונות פֿונעם אַלטן מאַטעריאַליזם, דעם חסרון, וועלכער באַשטייט דערין, וואָס דער אַלטער מאַטעריאַליזם האָט ניט געקענט פֿאַרשטיין די באַדינגונגען און אָפּשאַצן די באַדייטונג פֿון דער רעוואָ־לוציאָנערער פּראַקטישער טעטיקייט*, האָט מאַרקס אין משך פֿון זיין גאַנצן לעבן, באַגלייך מיט די טעאָרעטישע אַרבעטן, שטענ־דיק אָפּגעגעבן גרויס אויפֿמערקזאַמקייט די פֿראַגן פֿון דער טאַק־טיק פֿונעם קלאַסן־קאַמף פֿון פּראָלעטאַריאַט. א קאָלאָסאַלן מאַטע־ריאַל גיבן אין דער הינזיכט אַלע ווערק מאַרקס' און באַזונדערס זיין פֿירבענדיקע קאָרעספּאָנדענץ מיט ענגעלסן, וואָס איז אַרויסגע־געבן געוואָרן אין 1913 יאָר. דער דאָזיקער מאַטעריאַל איז נאָך ווייט ניט צונויפֿגעזאַמלט, ניט צונויפֿגענומען אינאיינעם, ניט דער־לערנט און ניט פֿאַנאַנדערגעאַרבעט. דעריבער מוזן מיר זיך דאָ באַ־גרענעצן בלויז מיט די סאַמע אַלגעמיינע און קורצע באַמערקונגען, באַטאָנענדיק, אַז אָן דער דאָזיקער זייט פֿונעם מאַטעריאַליזם האָט מאַרקס אים מיט רעכט געהאַלטן פֿאַר א האַלביקן, איינזייטיקן, לעבנסלאָזן. די גרונט־אויפֿגאַבע פֿון דער טאַקטיק פֿונעם פּראָלעטאַ־ריאַט האָט מאַרקס באַשטימט אין שטרענגן הסכם מיט אַלע הנחות פֿון זיין מאַטעריאַליסטיש־דיאַלעקטישער וועלט־אָנשויאונג. בלויז דער אָביעקטיווער דיסקאַנט פֿונעם גאַנצן קאָמפּלעקס קעגנזייטיקע פֿאַר־העלטענישן פֿון אַלע קלאַסן פֿון דער געגעבענער געזעלשאַפֿט אָן אויסנאַם און, דאָס הייסט, אויך דער דיסקאַנט פֿון דער אָביעקטי־ווער אַנטוויקלונגס־שטופֿע פֿון דער דאָזיקער געזעלשאַפֿט און דער דיסקאַנט פֿון די קעגנזייטיקע פֿאַרהעלטענישן צווישן איר און די אַנדערע געזעלשאַפֿטן קאָן דינען אַלס באַזיס פֿאַר א ריכטיקער טאַק־טיק פֿון דעם פֿאָרויסשרייטנדיקן קלאַס. דערביי ווערן אַלע קלאַסן און אַלע לענדער באַטראַכט ניט אין זייער סטאַטיק, נאָר אין זייער די־נאַמיק, ד. ה. ניט אין אומבאַוועגלעכן צושטאַנד, נאָר אין באַוועגונג

* זע „מאַרקס' טעזיסן וועגן פֿייערבאַכן", ק. מאַרקס און פֿ. ענגעלס, ווערק, ב. IV, ז. 589 — 591. — רעד.

(וואָס אירע געזעצן דרינגען ארויס פון די עקאָנאָמישע עקזיסטענץ־באדינגונגען פון יעדן קלאַס). די באוועגונג ווידער ווערט באטראכט ניט נאָר פון שטאנדפונקט פון דער פארגאנגענהייט, נאָר אויך פון שטאנדפונקט פון דער צוקונפט און דערביי ניט אין דער וואולגאַרער אויפפאסונג פון די „עוואָלוציאָניסטן“, וואָס זעען נאָר לאנגזאמע פארענדערונגען, נאָר דיאַלעקטיש: „20 יאָר זיינען גלייך צו איין טאָג אין די גרויסע היסטאָרישע אנטוויקלונגען, — האָט מארקס געשריבן צו ענגעלסן, — כאָטש שפּעטער קאָנען אָנקומען אזוינע טעג, וואָס יעדער איינער פון זיי קאָנצענטרירט אין זיך 20 יאָר“ (ב. III, ז. 172, „קאָרעספּאָנדענץ“). אויף יעדער אנטוויקלונגס־שטופע, אין יעדן מאָמענט דארף די טאקטיק פונעם פּראָלעטאַריאַט נעמען אין אכט די דאָזיקע אָביעקטיוו אומפארמיידלעכע דיאַלעקטיק פון דער מענטשלעכער געשיכטע, אויסנוצנדיק, פון איין זייט, די עפּאָכעס פון פּאָליטישן שטילשטאנד אָדער פון אויסערסט לאנגזאַמער, אזוי־גערופענער „פרידלעכער“ אנטוויקלונג, כדי צו אנטוויקלען דעם באוואוסטזיין, די קראַפט און די קאמפס־פעיִקייט פון דעם פאַר־געשריטענעם קלאַס, און, פון דער אנדערער זייט, פירנדיק די גאנצע ארבעט פון דעם דאָזיקן אויסנוצן אין דער ריכטונג צום „ענד־ציל“ פון דער באוועגונג פונעם געגעבענעם קלאַס און פון שאפן אין אים די פעיִקייט צו לייזן פּראקטיש די גרויסע אויפגאבן אין די גרויסע טעג, „וואָס קאָנצענטרירן אין זיך צו 20 יאָר“. צוויי געדאנקען מארקס׳ זיינען באזונדערס וויכטיק אין דער געגעבענער פראגע, — איינער פון דעם „דלות פון דער פילאָסאָפיע“ מכוח דעם עקאָנאָמישן קאמף און די עקאָנאָמישע אָרגאניזאציעס פונעם פּראָלעטאַריאַט, דער צווייטער — פונעם „קאָמוניסטישן מאניפעסט“ מכוח די פּאָליטישע אויפגאבן פונעם פּראָלעטאַריאַט. דער ערשטער געדאנק: „די גרויס־אינדוסטריע זאמלט צונויף אין איין אָרט א מאסע צווישן זיך אומ־באקאנטע מענטשן. די קאָנקורענץ צעשיידט זייערע אינטערעסן. אָבער דאָס אָפּהיטן דעם ארבעט־לוין, דער דאָזיקער געמיינזאמער אינטערעס בנוגע צו זייער בעל־הבית, פאראייניקט זיי מיט איין אלגעמיינער אידיי פון ווידערשטאנד, פון קאָאליציע... די קאָאליציעס, וואָס זיינען צוערשט איזאָלירט, פאָרמירן זיך אין גרופּעס, און דאָס אָפּהיטן זייערע פאראיינען קעגן דעם שטענדיק פאראייניקטן קאפּי־טאל ווערט פאר די ארבעטער מער נייטיק, איידער דאָס אָפּהיטן דעם

ארבעט־לוין... אין דעם האַויקן קאַמף — וואָס איז אַן אמתער בירי גער־קריג, — פאַראייניקן זיך און אַנטוויקלען זיך אַלע עלעמענטן פאַר דער קומענדיקער שלאַכט. ווען די קאָאַליציע דערגייט צו דעם דאָזיקן פּונקט, נעמט זי אָן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער". דאָ האָבן מיר די פּראָגראַם און די טאַקטיק פונעם עקאָנאָמישן קאַמף און פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אויף עטלעכע צענדליק יאָר, פאַר דער גאַנצער לאַנגער עפּאָכע פון צוגרייטן די כוחות פונעם פּראָלעטאַריאַט „פאַר דער קומענדיקער שלאַכט". דערצו דאַרף מען נאָך נעמען מאַרקס' און ענגעלסעס פילצאָליקע אָנווייזונגען אויפן ביישפּיל פון דער ענגלישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי אַזוי דער אינדוסטריעלער „אויפבלי" רופט אַרויס פּרוּוון צו „קויפן די אַרבעטער" (I, 136, „קאָרעספּאָנדענץ מיט ענגעלסן"), אָפּצווענדן זיי פון קאַמף, ווי אַזוי אָט דער אויפבלי „דעמאָראַליזירט די אַרבעטער" בכלל (II, 218), ווי אַזוי דער ענגלישער פּראָלעטאַריאַט „ווערט פאַרבורזשואַזעוועט" — „די סאַמע בורזשואַזע פון אַלע נאַציעס" (די ענגלישע) „וויל, אַפּנים, סוף־כל־סוף דערפירן די זאַך דערצו, אַז באַנאַנד מיט דער בורזשואַזיע זאָל זי האָבן אַ בורזשואַזע אַריסטאָקראַטיע און אַ בורזשואַזן פּראָלעטאַריאַט" (II, 290); ווי עס פאַרשווינדט ביי אים די „רעוואָלוציאָנערע ענערגיע" (III, 124); ווי עס וועט אויסקומען צו וואַרטן אַ מער אָדער ווייניקער לאַנגע צייט, ביזוואַנען „די ענגלישע אַרבעטער וועלן זיך באַפרייען פון זייער שיינבאַרער בורזשואַזער דעמאָראַליזאַציע" (III, 127); ווי דער ענגלישער אַרבעטער־באַוועגונג פעלט דער „ברען פון די טשאַרטיסטן" (1866; III, 305); ווי די ענגלישע אַרבעטער־פירער ווערן געשאַפן לויטן טיפּ פון אַ מיטל־רינג „צווישן דעם ראַדיקאַלן בורזשואַ און דעם אַרבעטער" (וועגן האָליאָק, IV, 209); ווי מחמת דער מאָנאָפּאָליע פון ענגלאַנד און ביזוואַנען אָט די מאָנאָפּאָליע וועט ניט פּלאַצן „קאָן מען גאָרנישט ניט מאַכן מיט די בריטישע אַרבעטער" (IV, 433). די טאַקטיק פון עקאָנאָמישן קאַמף אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַלגעמיינעם גאַנג (און רעזולטאַט) פון דער אַרבעטער־באַוועגונג ווערט דאָ באַטראַכט פון אַ מערקווירדיק ברייטן, אַלזייטיקן, דיאַלעקטישן, אמת רעוואָלוציאָנערן שטאַנדפּונקט.

דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" האָט וועגן דער טאַקטיק פון פּאָליטישן קאַמף אַרויסגערוקט דעם גרונט־געדאַנק פונעם מאַרקסיזם:

„די קאָמוניסטן קעמפן פאַר דער דערגרייכונג פון די נאָענטסטע ציל און אינטערעסן פונעם ארבעטער־קלאַס, אָבער אין דער איצטיקער באַוועגונג פאַרטיידיקן זיי גלײַכצײַטיק אויך די צוקונפט פון דער באַוועגונג". דעריבער האָט מאַרקס אין 1848 יאָר געשטיצט אין פוילן די פּאַרטיי פון דער „אַגראַר־רעוואָלוציע", „די זעלבע פּאַרטיי, וואָס האָט אַרויסגערופן דעם קראָקער אויפשטאַנד פון 1846 יאָר". אין דײַטשלאַנד האָט מאַרקס, אין די יאָרן 1848—1849, געשטיצט די עקסטרעמע רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטיע און האָט שפּעטער קיינמאָל ניט גענומען צוריק דאָס, וואָס ער האָט דעמלט געזאָגט וועגן דער טאַקטיק. די דײַטשישע בורזשואַזיע האָט ער באַטראַכט אַלס אַן עלעמענט, וואָס „איז פון אָנהייב אָן געווען געניגט צו אַ פאַררעט קעגן דעם פאָלק" (בלויז אַ בונד מיטן פויערטום וואָלט געקאָנט געבן דער בורזשואַזיע די פולע פאַרווירקלעכונג פון אירע אויפגאַבן) „און צו אַ קאָמפּראָמיס מיט די געקרוינטע פאָרשטייער פון דער אַלטער געזעלשאַפט". אָט איז מאַרקס' סך־הכל־אַנאַליז פון דער קלאַסן־לאַגע פון דער דײַטשישער בורזשואַזיע אין דער עפּאָכע פון דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, אַן אַנאַליז, וואָס איז אַגב אַ מוסטער פון מאַטעריאַליזם, וועלכער באַטראַכט די געזעלשאַפט אין באַוועגונג און דערבײַ ניט נאָר פון דער זײַט פון דער באַוועגונג, וואָס איז געווענדט אויף צ ו ר י ק... „אָן גלויבן אין זיך, אָן גלויבן אין פאָלק; מורמלענדיק פאַר די בני, ציטערנדיק פאַר די אונטערשטע שיכטן;... אָנגעשראָקן פונעם וועלט־שטורעם; אין ערגעץ ניט מיט ענערגיע, אומעטום מיט פּלאַגיאַט;... אָן איניציאַטיוו;... אַ פאַרשאָלטענער זקן, וואָס איז פאַראורטיילט אָנצופירן אין זײַנע זקנישע אינטערעסן מיטן ערשטן יוגנט־דראַנג פון אַ יונג און געזונט פאָלק"... („נײַע רײַנישע צײַטונג" 1848 יאָר, זע „ליטעראַרישע ירושה", ב. III, ז. 212). אין אַ 20 יאָר אַרום האָט מאַרקס אין אַ בריוו צו ענגעלסן (III, 224) אָנגעוויזן די סיבה, פאַרוואָס די רעוואָלוציע פון 1848 יאָר האָט ניט געהאַט קיין דערפאָלג, — דערפאַר, ווײַל די בורזשואַזיע האָט געהאַלטן פאַר בעסער שלום צו מאַכן מיט דער קנעכטשאַפט, איידער צו האָבן פאַר זיך אַפילו נאָר די פּערספּעקטיוו פון קאַמף פאַר פרײַהײַט. ווען עס האָט זיך געענדיקט די עפּאָכע פון די רעוואָלוציעס פון די יאָרן 1848—1849, איז מאַרקס אַרויסגעטראָטן קעגן יעטווידער שפּיל אין רעוואָ־

לוציע (שאפער — ווילך און דער קאמף קעגן זיי) און האָט גע־פאָדערט, מען זאָל קענען ארבעטן אין דער עפּאָכע פון דעם נײַעם פעריאָד, וואָס גרייט כלומרשט „פרידלעך" נײַע רעוואָלוציעס. אין וואָס פאר א גײַסט מארקס האָט געפאָדערט צו פירן די דאָזיקע אר־בעט, — דאָס קאָן מען זען פון דער פאָלגנדיקער אָפּשאצונג, וואָס ער האָט געגעבן וועגן דער לאגע אין דײַטשלאנד אין דער סאמע פינצטערער רעאקציאָנערער צײַט, אין 1856 יאָר: „די גאנצע זאך וועט אין דײַטשלאנד אָפּהענגיק זײַן דערפון, צי עס וועט מעגלעך זײַן צו שטיצן די פּראָלעטארישע רעוואָלוציע מיט א מין צווייטער אויפלאגע פון דעם פויערים־קריג" („די קאָרעספּאָנדענץ מיט ענ־געלסן", II, 108). כל־זמן די דעמאָקראטישע (בורזשואזע) רעוואָ־לוציע איז אין דײַטשלאנד געווען ניט פארענדיקט, האָט מארקס גע־ווענדט די גאנצע אויפמערקזאמקײַט אין דער טאקטיק פונעם סאָ־ציאַליסטישן פּראָלעטאריאט אויף אנטוויקלען די דעמאָקראטישע ענערגיע פונעם פויערטום. ער האָט געהאלטן, אז לאסאל באגייט „אָביעקטיוו א פארראט קעגן דער ארבעטער־באוועגונג לטובת פּרײַסן" (III, 210), אגב, טאקע דערפאר, ווײַל לאסאל האָט געקוקט אויף די גוטבאזיצער און אויפן פּרײַסישן נאציאָנאליזם צווישן די פינגער. „ס'איז א נידערטרעכטיקײַט", — האָט ענגעלס גע־שריבן אין 1865 יאָר, ארויסזאָגנדיק מארקסן זײַנע געדאנקען מכוח זייער פאָרשטייענדיקער געמיינזאמער ארויסטרעטונג אין דער פּרע־סע, — „אָנצופאלן אין אן אגראר לאנד אין נאָמען פון די אינדוסט־ריעלע ארבעטער נאָר אויף די בורזשואַ און פארגעסן וועגן דער פּאטריארכאלער „בײַטש־עקספּלואטאציע" פון די דאָרפישע ארבעטער מצד דעם פעאָדאלן אדל" (III, 217). אין פעריאָד פון די יאָרן 1864—1870, ווען עס האָט געהאלטן בײַם סוף די עפּאָכע פון פארענדיקן די בורזשואז־דעמאָקראטישע רעוואָלוציע אין דײַטש־לאנד, די עפּאָכע, ווען די עקספּלואטאטאָרישע קלאסן אין פּרײַסן און עסטרײַך האָבן געקעמפט פאר דעם אָדער יענעם אופן פון פארענ־דיקן די דאָזיקע רעוואָלוציע פון אויבן, האָט מארקס ניט נאָר פאראורטיילט לאסאלן, ווען יענער האָט קאָקעטירט מיט ביסמארקן, נאָר ער האָט אויך פארריכט ליבקנעכטן, ווען יענער איז געשטרויכלט געוואָרן אין „אויסטראָפילנטום" און גענומען פארטיידיקן דעם פּאר־טיקולאריזם; מארקס האָט געפאָדערט א רעוואָלוציאָנערע טאקטיק,

וואָס זאָל אין אַ גלײַכער מאָס קעמפֿן אָן רחמנות סײַ קעגן ביסמאַרקן סײַ קעגן די אויסטראָפּילן, אַ טאַקטיק, וואָס זאָל זיך ניט צופּאַסן צום „זיגער" — צום פּרײַסישן יונקער, נאָר זאָל תיכף אָנהייבן פֿונסנײַ דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן אים און אויף דעם באָדן, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן דורך די פּרײַסישע מיליטערישע נצחונות („די קאָרעספּאָנדענץ מיט ענגעלסן", III, 134, 136, 147, 179, 204, 210, 215, 418, 437, 440—441). אין דער באַרימטער ווענדונג פֿונעם אינטערנאַציאָנאַל פֿון 9 סעפּטעמבער 1870 יאָר האָט מאַרקס געוואָרנט דעם פֿראַנצויזישן פּראָלעטאַריאַט קעגן אַ ניט־רעכטצײַטיקן אויפֿשטאַנד, אָבער ווען דער דאָזיקער אויפֿשטאַנד איז דאָך אויסגעבראָכן (1871 יאָר), האָט מאַרקס מיט באַגײַסטערונג באַגריסט די רעוואָלוציאָנערע איניציאַטיוו פֿון די מאַסן, „וואָס האָבן געשטורעמט דעם הימל" (מאַרקס' בריוו צו קוגעלמאַנען). פֿון שטאַנדפּונקט פֿון מאַרקס' דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם איז די מפּלה פֿון דער רעוואָלוציאָנערער אַרויסטרעטונג אין אַזאַ סיטואַציע, ווי אין אַ סך אַנדערע סיטואַציעס, געווען אַ קלענערע בייז אינעם אַלגעמיינעם גאַנג און רעזולטאַט פֿונעם פּראָלעטאַרישן קאַמף, איידער דאָס אָפּזאָגן זיך פֿון דער פֿאַרנומענער פּאָזיציע, איידער דאָס קאַפּיטולירן אָן אַ שלאַכט: אַזאַ קאַפּיטולאַציע וואָלט דעמאָראַליזירט דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָלט אונטערגעגראָבן זײַן פֿעיִקייט צום קאַמף. שעצנדיק פֿולשטענדיק דאָס אויסנוצן די לעגאַלע קאַמפֿס־מיטלען אין עפּאָכעס פֿון פּאָליטישן שטילשטאַנד און פֿון דער הערשאַפֿט פֿון דער בורזשואַזער לעגאַלקייט, האָט מאַרקס אין די יאָרן 1877—1878, נאָך דעם, ווי ס'איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דער אויסנאַם־געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן, שאַרף פֿאַראורטיילט מאָסטס „רעוואָלוציאָנערע פֿראַזע", אָבער ער איז ניט ווייניקער, אויב ניט מער שאַרף אָנגעפֿאַלן אויפֿן אָפּאָרטוניזם, וואָס האָט דעמאָלט באַהערשט אויף אַ געוויסער צײַט די אָפֿיציעלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וועלכע האָט ניט אַרויסגעוויזן גלײַך קיין שטאַנדהאַפֿטיקייט, פֿעסטקייט, רעוואָלוציאָנערישקייט, קיין גרייטקייט אַריבערצוגיין צו אומלעגאַלן קאַמף אַלס ענטפֿער אויפֿן אויסנאַם־געזעץ („מאַרקס' בריוו צו ענגעלסן", IV, 397, 404, 418, 422, 424. פֿרג. אויך די בריוו צו זאָרגען).

# פרידריך ענגעלס

**א גײַסט אזא א ליכטיקער פארלאָשן,**
**א הארץ אזא האָט אויפגעהערט צו קלאפּן!**

דעם 5 אויגוסט לויטן נײַעם סטיל (דעם 24 יולי) 1895 יאָר איז אין לאָנדאָן געשטאָרבן פרידריך ענגעלס. נאָך זײַן פרײַנט קארל מארקס (געשטאָרבן אין 1883 יאָר), איז ענגעלס געווען דער סאמע מערקווירדיקער געלערנטער און לערער פונעם מאָדערנעם פּראָלעטא־ריאט אין דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט. פון זינט דער גורל האָט צונויפגעפירט קארל מארקסן מיט פרידריך ענגעלסן איז דאָס לעבנס־ווערק פון די ביידע פרײַנט געוואָרן זייער געמיינזאמע זאך. כדי צו פארשטיין, וואָס פרידריך ענגעלס האָט אויפגעטאָן פארן פּראָ־לעטאריאט, דארף מען דעריבער קלאָר באנעמען די באדײַטונג פון מארקס' לערע און טעטיקײַט אין דער אנטוויקלונג פון דער מאָדער־נער ארבעטער־באוועגונג. מארקס און ענגעלס האָבן די ערשטע באַ־וויזן, אז דער ארבעטער־קלאס מיט זײַנע פאָדערונגען איז א נויטווענדי־קער פּראָדוקט פון דער מאָדערנער עקאָנאָמישער אָרדענונג, וואָס צוזאמען מיט דער בורזשואזיע שאפט זי און אָרגאניזירט אומפאר־מײַדלעך דעם פּראָלעטאריאט; זיי האָבן באוויזן, אז נים די גוט־געמיינטע פּרוּוון פון איינצלנע נאָבעלע פּערזענלעכקײַטן, נאָר דער קלאסן־קאמף פונעם אָרגאניזירטן פּראָלעטאריאט וועט אויסלייזן די מענטשהײַט פון די אומגליקן, וועלכע דריקן זי איצט. מארקס און ענגעלס האָבן אין זייערע וויסנשאפטלעכע ווערק די ערשטע אויפגע־קלערט, אז דער סאָציאליזם איז נים קיין אויסטראכטעניש פון טרוי־מער, נאָר דער ענדציל און נויטווענדיקער רעזולטאט פון דער אנט־וויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטן אין דער מאָדערנער געזעלשאפט. די גאנצע געשריבענע געשיכטע ביז איצט איז געווען א געשיכטע פון קלאסן־קאמף, אן אומבײַט פון דער הערשאפט און פון די נצחונ־

נות פון איינע געזעלשאפטלעכע קלאסן איבער די אנדערע. און דאָס וועט דויערן אזוי לאנג, ביז עס וועלן ניט פארשווינדן די יסודות פונעם קלאסן־קאמף און פון דער קלאסן־הערשאפט — דאָס פריוואט־אייגנטום און די אנארכישע געזעלשאפטלעכע פראָדוקציע. די אינטערעסן פונעם פראָלעטאריאט פאָדערן, אז די דאָזיקע יסודות זאָלן פארניכטעט ווערן, און דעריבער דארף קעגן זיי געווענדט ווערן דער באוואוסטזיניקער קלאסן־קאמף פון די אָרגאניזירטע ארבעטער. און יעטווידער קלאסן־קאמף איז א קאמף א פּאָליטישער.

די דאָזיקע אָנשויאונגען פון מארקסן און ענגעלסן זײַנען איצט געוואָרן דאָס אייגנס פונעם גאנצן פאר זײַן באפרײַאונג קעמפנדיקן פראָלעטאריאט, אָבער ווען די צוויי פרײַנט האָבן אין די 40־ער יאָרן זיך באטייליקט אין דער סאָציאליסטישער ליטעראטור און אין די געזעלשאפטלעכע באוועגונגען פון זייער צײַט, זײַנען אזוינע אָנשויאונגען געווען אבסאָלוט א נײַס. דעמלט זײַנען געווען א סך טאַלאנטפולע און טאלאנטלאָזע, ערלעכע און ניט־ערלעכע מענטשן, וואָס האָבן זיך ארײַנגעטאָן אינעם קאמף פאר פּאָליטישער פרײַהײַט, אינעם קאמף קעגן דער זעלבסט־הערשונג פון די קיסרים, פון דער פּאָליציי און פון די גלחים, זיי האָבן אָבער ניט געזען די קעגנזעצלעכקײַט צווישן די אינטערעסן פון דער בורזשואזיע און פון דעם פראָלעטאריאט. די דאָזיקע מענטשן האָבן גאָר ניט דערלאָזט אפילו דעם געדאנק, אז די ארבעטער זאָלן ארויסטרעטן אלס זעלבשטענדיקע געזעלשאפטלעכע קראפט. פון דער אנדערער זײַט, זײַנען געווען א סך טרוימער, צומאָל געניאלע, וואָס האָבן געמיינט, אז מען דארף נאָר איבערצײַגן די רעגירער און הערשנדיקע קלאסן דעריז, אז די מאָדערנע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג איז ניט קיין יושרדיקע, און עס וועט שוין דעמלט לײַכט זײַן אײַנצופירן אויף דער וועלט שלום און גליק פאר אלעמען. זיי האָבן געטרוימט צו דערגרייכן סאָציאליזם אָן קאמף. און צולעצט, כמעט אלע דעמלטיקע סאָציאליסטן און בכלל די פרײַנט פונעם ארבעטער־קלאס האָבן געקוקט אויפן פראָלעטאריאט בלויז ווי אויף א מ כ ה, זיי האָבן מיט שוידער געקוקט, ווי צוזאמען מיטן וואוקס פון דער אינדוסטריע וואקסט אויך די דאָזיקע מכה. דעריבער האָבן זיי אלע געטראכט וועגן דעם, ווי אזוי אָפּצושטעלן די אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און פונעם פראָלעטאריאט, ווי אזוי אָפּצושטעלן די ראָד פון דער געשיכטע".

להיפוך צו דער אלגעמיינער שטרעב פאר דער אנטוויקלונג פונעם פראָלעטאריאט, האָבן מארקס און ענגעלס אלע זייערע האָפענונגען געלייגט אויף דעם אָנאויפהערלעכן וואוקס פון פראָלעטאריאט. וואָס מער פראָלעטאריער, אלץ גרעסער איז זייער קראפט, אלס רעוואָלוציאָנערער קלאס, אלץ נעענטער און ווארשיינלעכער איז דער סאָציאַליזם. קורץ קען מען מארקס' און ענגעלסעס פארדינסטן פארן ארבעטער־קלאס אויסדריקן אזוי: זיי האָבן אויסגעלערנט דעם ארבעטער־קלאס זעלבסט־דערקענטעניש און זעלבסט־באוואוסטזיין, און אויפן אָרט פון טרוימערייען האָבן זיי אוועקגעשטעלט די וויסנשאפט.

אָט פארוואָס ענגעלסעס נאָמען און לעבן דארף זיין באקאנט יעדן ארבעטער, אָט פארוואָס אין אונדזער זאמל־בוך, וואָס זיין ציל, פונקט ווי דער ציל פון אלע אונדזערע אויסגאבן, איז צו וועקן דעם קלאסן־זעלבסט־באוואוסטזיין ביי די רוסישע ארבעטער, דארפן מיר געבן א באשרייבונג פונעם לעבן און פון דער טעטיקייט פון פרידריך ענגעלסן, איינעם פון די צוויי גרויסע לערער פונעם מאָדערנעם פראָלעטאריאט.

ענגעלס איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1820 אין דער שטאָט בארמען, אין דער ריין־פראָווינץ פונעם פרייסישן קיניגטום. דער פאָטער זיינער איז געווען א פאבריקאנט. אין 1838 יאָר איז ענגעלס, צוליב פאמיליען־אָנגעלעגנהייטן, געצוואונגען געווען, נאָך איידער ער האָט געענדיקט די גימנאזיע, אָנצוקומען אלס אָנגעשטעלטער אין איינער א ברעמענער האנדלס־פירמע. דאָס פארנעמען זיך מיט קאָמערציע האָט ניט געשטערט ענגעלסן צו ארבעטן איבער זיין וויסנשאפטלעכער און פּאָליטישער בילדונג. נאָך אלס גימנאזיסט האָט ער פיינט געקריגן די זעלבסט־הערשונג און דעם ווילקיר פון די באאמטע. דאָס שטודירן פילאָסאָפיע האָט אים געפירט ווייטער. אין דער דייטשישער פילאָסאָפיע האָט דעמאלט געהערשט העגעלס לערע, און ענגעלס איז געוואָרן זיינער א נאָכפאָלגער. כאָטש העגעל אליין איז געווען אן אָנהענגער פון דער זעלבסט־הערשערישער פרייסישער מלוכה, ביי וועלכער ער האָט געדינט אלס פראָפעסאָר פונעם בערלינער אוניווערסיטעט, — איז דאָך זיין לערע געווען א רעוואָלוציאָנערע. העגעלס גלויבן אין דעם מענטשלעכן פארנונפט און אין די רעכט פונעם מענטשן און דער גרונט־טעזיס פון דער העגעלישער פילאָסאָפיע, אז אין דער וועלט קומט פאָר א כסדרדיקער פראָצעס פון פארענדערונג

און אנטוויקלונג, האָבן געבראַכט יענע שילער פונעם בערלינער פי־לאָסאָף, וועלכע האָבן ניט געוואָלט שלום מאַכן מיט דערווירקלעכ־קייט, צום געדאַנק, אַז אויך דער קאַמף קעגן דער ווירקלעכקייט, דער קאַמף קעגן דעם עקזיסטירנדיקן שקר און הערשנדיקן בייז וואָרצלט זיך אינעם וועלט-געזעץ פון אייביקער אנטוויקלונג. אויב אַלץ אַנטוויקלט זיך, אויב איינע אינסטיטוציעס ווערן פאַרביטן מיט אַנדערע, פאַר וואָס זשע וועלן עס אייביק דויערן די זעלבסט-הערשונג פונעם פּרייסישן קיניג אָדער פון רוסישן קיסר, די באַרייכערונג פון אַ נישטיקער מינדערהייט אויפן חשבון פון דער קאָלאָסאַלער מער-הייט, די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע איבערן פאָלק? העגעלס פילאָסאָפיע האָט גערעדט וועגן דער אַנטוויקלונג פונעם גייסט און פון אידייען, זי איז געווען אַן א י ד ע א ל י ס ט י ש ע. די אנטוויקלונג פון דער נאַטור, פונעם מענטש און פון די מענטשלעכע, געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן, האָט זי געהאַלטן, איז אַ רעזולטאַט פון דער אַנט־וויקלונג פונעם גייסט. מאַרקס און ענגעלס האָבן איינגעהיט העגעלס געדאַנק וועגן דעם אייביקן אַנטוויקלונגס-פּראָצעס*, זיי האָבן אָבער אָפּגעוואָרפן די פון פאָראויס אָנגענומענע אידעאַליסטישע אָנשויאונג; זיך געווענדט צום לעבן, האָבן זיי דערזען, אַז ניט די אַנטוויקלונג פונעם גייסט דערקלערט די אַנטוויקלונג פון דער נאַטור, נאָר פאַר־קערט — דעם גייסט דאַרף מען דערקלערן פון דער נאַטור, פון דער מאַטעריע... להיפוך צו העגעלן און אַנדערע העגעליאַנער, זיינען מאַרקס און ענגעלס געווען מאַטעריאַליסטן. אַ קוק געטאָן מאַטעריאַ־ליסטיש אויף דער וועלט און אויף דער מענטשהייט, האָבן זיי דערזען, אַז פּונקט ווי אין גרונט פון אַלע נאַטור-דערשיינונגען ליגן מאַטעריעלע סיבות, אַזוי ווערט אויך די אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער גע־זעלשאַפט באַדינגט דורך דער אַנטוויקלונג פון מאַטעריעלע קרעפטן, פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטן. פון דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטן זיינען אָפּהענגיק די פאַרהעלטענישן, אין וועלכע די מענטשן שטעלן זיך איינער צום אַנדערן ביים פּראָדוצירן די זאַכן, וואָס זיינען נייטיק צו באַפרידיקן די מענטשלעכע באַדערפענישן. און מיט די דאָ־

* מאַרקס און ענגעלס האָבן ניט איין מאָל אָנגעוויזן, אַז אין זייער איינ־טעלעקטועלער אַנטוויקלונג האָבן זיי אַ סך צו פאַרדאַנקען די גרויסע דייטשישע פילאָסאָפן און בפרט העגעלן. „אָן דער דייטשישער פילאָסאָפיע, — זאָגט ענגעלס, — וואָלט ניט געווען אויך קיין וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם“. לעני ן ס אָנ־ מערקונג.

זיקע פאַרהעלטעניש, ווערן דערקלערט אַלע דערשײַנונגען פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, פון די מענטשלעכע שטרעבונגען, אידייען און געזעצן. די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטן שאַפט די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן, וועלכע באַזירן זיך אויפן פּריוואַט־אייגנטום, איצט אָבער זעען מיר, ווי די זעלביקע אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטן נעמט אָפּ דאָס אייגנטום בײַ דער מערהײַט און קאָנצענטרירט עס אין די הענט פון אַ נישטיקער מינדערהײַט. זי פאַרניכטעט דאָס אייגנטום, דעם יסוד פון דער מאָדערנער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, זי שטרעבט אַליין צו דעם זעלביקן ציל, וועלכן עס האָבן זיך געשטעלט די סאָציאַליסטן. די סאָציאַליסטן דאַרפן בלויז פאַרשטיין, וועלכע געזעלשאַפטלעכע קראַפט איז, לויט איר לאַגע אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט, פאַראינטערעסירט צו פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם, און דאַרף אַרײַנגעבן אין דער דאָזיקער קראַפט דעם באַוואוסטזײַן פון אירע אינטערעסן און פון איר היסטאָרישער אויפגאַבע. אַזאַ קראַפט איז דער פּראָלעטאַריאַט. מיט דעם דאָזיקן קלאַס האָט זיך ענגעלס באַקאַנט אין ענגלאַנד, אינעם צענטער פון דער ענגלישער אינדוסטריע, אין מאַנטשעסטער, וווּהין ער האָט זיך אַריבערגעקליבן אין 1842 יאָר און איז דאָרט אָנגעקומען אויף אַ שטעלע אין אַ האַנדלס־פירמע, אין וועלכער דער פאָטער זײַנער איז געווען איינער פון די קאָמפּאַניאָנען. ענגעלס איז דאָ ניט נאָר געזעסן אין דער פאַבריק־קאָנטאָר, — ער פלעגט גיין איבער די שמוציקע קוואַרטאַלן, וואו עס האָבן אין ענגשאַפט געוואוינט די אַרבעטער, ער האָט אַליין מיט זײַנע אייגענע אויגן צוגעזען זייער דלות און לײַדן. ער האָט זיך אָבער ניט באַפרידיקט מיט די אייגענע באַאָבאַכטונגען, ער האָט איבערגעלייענט אַלץ, וואָס מען האָט אויסגעפונען ביז אים וועגן דער לאַגע פונעם ענגלישן אַרבעטער־קלאַס. ער האָט גרינטלעך שטודירט אַלע אָפיציעלע דאָקומענטן, וואָס זײַנען אים געווען צוטריטלעך. דער רעזולטאַט פון די דאָזיקע שטודיומס און באַאָבאַכטונגען איז געווען דער בוך: „די לאַגע פונעם אַרבעטער־קלאַס אין ענגלאַנד”*, וואָס איז דערשינען אין 1845 יאָר. מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, אין וואָס עס באַשטייט ענגעלסעס הויפּט־פאַרדינסט, אַלס אויטאָר פון דער „לאַגע פונעם אַרבעטער־קלאַס אין ענגלאַנד“.

* ק. מאַרקס און פ. ענגעלס, ווערק, ב. III, ז. 293 — 573 — רעד.

אויך ביז ענגעלסן האבן ווייער א סאך שרייבער געשילדערט די לײדן פונעם פראָלעטאריאט און אָנגעוויזן אויף דער נייטיקייט אים צו העלפן. ענגעלס האט דערערשטער געזאָגט, אז דער פראָלעטאריאט איז ניט נאָר א לײַדנדיקער קלאס; אז גראָד אָט די שענדלעכע עקאָנאָמישע לאגע, אין וועלכער דער פראָלעטאריאט געפינט זיך, שטויסט אים כסדר פאָראויס און צווינגט אים צו קעמפן פאר זײַן ענדגילטיקער באפרײַאונג. און דער קעמפנדיקער פראָלעטאריאט וועט אליין זיך העלפן. די פאָליטישע באוועגונג פונעם ארבעטער־קלאס וועט אומפארמײַדלעך ברענגען די ארבעטער צום באוואוסטזײַן, אז מחוץ דעם סאָציאליזם איז פאר זיי קיין אויסוועג ניטא. פון דער אנדערער זײַט, וועט דער סאָציאליזם ערשט דעמלט זײַן א קראפט, ווען ער וועט ווערן דער ציל פונעם פאָליטישן קאמף פונעם ארבעטער־קלאס. אָט דאָס זײַנען די גרונט־געדאנקען פון ענגעלסעס בוך וועגן דער לאגע פונעם ארבעטער־קלאס אין ענגלאנד, געדאנקען, וועלכע זײַנען איצט דאָס אייגנס פונעם גאנצן דענקענדיקן און קעמפנדיקן פראָלעטאריאט, אָבער דעמלט זײַנען זיי געווען אבסאָלוט נײַ. די דאָזיקע געדאנקען זײַנען ארויסגעזאָגט געוואָרן אין א בוך, וואָס איז אָנגעשריבן זייער אינטערעסאנט, פול מיט די סאמע רעאלע און דערשיטערנדיקע בילדער פון די לײדן פונעם ענגלישן ארבעטער־קלאס. דער דאָזיקער בוך איז א שרעקלעכע באשולדיקונג קעגן דעם קאפיטאליזם און קעגן דער בורזשואזיע. דער אײַנדרוק, וואָס דער בוך האָט געמאכט, איז געווען זייער גרויס. אויף ענגעלסעס בוך האט מען אומעטום גענומען זיך פאררופן, ווי אויפן בעסטן בילד פון דער לאגע פונעם מאָדערנעם פראָלעטאריאט. און ווירקלעך, ניט ביזן 1845 יאָר, ניט שפּעטער איז ניט דערשינען קיין איין בוך, וואָס זאָל אזוי בולט און אמתדיק שילדערן די לײדן פון ארבעטער־קלאס.

א סאָציאליסט איז ענגעלס געוואָרן ערשט אין ענגלאנד. אין מאנטשעסטער האָט ער אָנגעקניפּט פארבינדונגען מיט די טוער פון דער דעמאלטיקער ענגלישער ארבעטער־באוועגונג און האט גענומען שרײַבן אין די ענגלישע סאָציאליסטישע אויסגאבן. אין יאָר 1844, אומקערנדיק זיך קיין דײַטשלאנד, האָט ער אונטערוועגס זיך באקענט אין פאריזש מיט מארקסן, מיט וועלכן ער האָט נאָך פריער אָנגעהויבן צו קאָרעספּאָנדירן. אין פאריזש איז מארקס אונטערן אײַנפלוס פון די פראנצויזישע סאָציאליסטן און פונעם פראנצויזישן

לעבן אויך געוואָרן א סאָציאַליסט. דאָ האָבן די פריינט צוזאמען אָנגעשריבן דעם בוך: „די הייליקע פאמיליע, אָדער א קריטיק פון דער קריטישער קריטיק". אין דעם דאָזיקן בוך, וואָס איז ארויס מיט א יאָר פריער, איידער עס איז דערשינען די „לאגע פונעם ארבעטער־קלאס אין ענגלאנד" און וואָס דעם גרעסטן טייל זיינעם האָט אָנגעשריבן מארקס, זיינען פארלייגט די יסודות פון דעם רעוואָלוציאָנער־מאטעריאליסטישן סאָציאליזם, וואָס זיינע הויפּט־געדאנקען האָבן מיר אויבן איבערגעגעבן. „די הייליקע פאמיליע" — איז א שפּאסיקער צונאָמען פון די פילאָסאָפן די ברידער באוער און פון זייערע נאָכפאָלגער. די דאָזיקע הערן האָבן געפּריידיקט א קריטיק, וואָס שטייט העכער פון יעטווידערווירקלעכקייט, העכער פון פּארטייען און פּאָליטיק, א קריטיק, וואָס לייקנט אין יעטווידער פּראקטישער טעטיקייט און פארנעמט זיך בלויז מיט „קריטישן" צושויען די ארומיקע וועלט און געשעענישן, וואָס קומען אין איר פאָר. די הערן באוער האָבן געקוקט אויפן פּראָלעטאריאט פון אויבן אראָפּ און געאורטיילט וועגן אים, ווי וועגן א ניט־קריטישער מאסע. קעגן־דער דאָזיקער אַב־סורדישער און שעדלעכער ריכטונג זיינען אנטשיידן ארויסגעטראָטן מארקס און ענגעלס. לשם דער ווירקלעכער מענטשלעכער פּער־זענלעכקייט — דעם ארבעטער, וועלכן עס טרעטירן די הערשנ־דיקע קלאסן און די מלוכה, פאָדערן זיי, אז מען זאָל זיך פארנעמען נים מיט צושויען, נאָר מען זאָל פירן א קאמף פאר א בעסערער איינאָרדענונג פון דער געזעלשאפט. די קראפט, וואָס איז פעיִק צו פירן אזא קאמף און איז פאראינטערעסירט אין דעם, זעען זיי, נאטירלעך, אין אינעם פּראָלעטאריאט. נאָך פאר דער „הייליקער פאמיליע" האָט ענגעלס אָפּגעדרוקט אין מארקס' און רוגעס „דייטשיש־פראנצויזישע יאָרביכער" די „קריטישע עטיודן איבער דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע", וואו ער האָט פון שטאנדפּונקט פון סאָציאליזם באטראכט די גרונט־דערשיינונגען פון דער מאָדערנער עקאָנאָמישער אָרדענונג, אלס נויטווענדיקע פאָלגן פון דער הערשאפט פונעם פּריוואט־אייגנטום. די פארבינדונג מיט ענגעלסן האָט אָן שום ספק מיטגעווירקט דערצו, וואָס מארקס האָט באשלאָסן צו פארנעמען זיך מיט פּאָליטישער עקאָנאָמיע, מיט דער וויסנשאפט, אין וועלכער זיינע ווערק האָבן גע־מאכט א גאנצע איבערקערעניש.

די צייט פון יאָר 1845 ביזן יאָר 1847 האָט ענגעלס פארבראכט

אין בריסעל און אין פאריז, וואו צוזאמען מיט זיין וויסנשאפטלע־
כער ארבעט פירט ער א פראקטישע טעטיקייט צווישן די דייטשישע
ארבעטער פון בריסעל און פאריז. דא האבן מארקס און ענגעלס אנ־
געקניפט באציאונגען מיטן דייטשישן געהיימען „בונד פון קאמו־
ניסטן", וועלכער האט זיי באאויפטראגט פארמולירן די גרונט־פרינ־
ציפן פון סאציאליזם, וועלכן זיי האבן אויסגעארבעט. אט אזוי איז
אנטשטאנען מארקס' און ענגעלסעס בארימטער „מאניפעסט פון
דער קאמוניסטישער פארטיי", וואס איז אפגעדרוקט געווארן אין
1848 יאר. אט דאס קליינע ביכעלע איז ווערט גאנצע בענדער: מיט זיין
גייסט לעבט און ווערט באוועגט ביז איצט דער גאנצער ארגאניזיר־
טער און קעמפנדיקער פראלעטאריאט פון דער ציוויליזירטער וועלט.

די רעוואלוציע פונעם יאר 1848, וועלכע איז אויסגעבראכן צו־
ערשט אין פראנקרייך און האט זיך דערנאך פארשפרייט אויך אין
די אנדערע לענדער פון מערב־אייראפע, האט געבראכט מארקסן
און ענגעלסן צו זייער היימלאנד. דא, אינעם ריינישן פרייסן, האבן
זיי זיך געשטעלט בראש פון דער דעמאקראטישער „נייער ריינישער
צייטונג", וואס איז דערשינען אין קעלן. דיביידע פריינט זיינען גע־
ווען די נשמה פון אלע רעוואלוציאנער־דעמאקראטישע שטרעבונגען
אינעם ריינישן פרייסן. זיי האבן מיט אלע מעגלעכקייטן פארטיידיקט
די אינטערעסן פונעם פאלק און פרייהייט קעגן די רעאקציאנערע
כוחות. ווי באוואוסט, האבן געזיגט די רעאקציאנערע כוחות. די
„נייע ריינישע צייטונג" איז פארבאטן געווארן, מארקס, וואס האט
אין דער צייט פון זיין עמיגראנטישן לעבן פארלארן די רעכט פון א
פרייסישן אונטערטאן, איז ארויסגעשיקט געווארן; ענגעלס ווידער
האט אנטייל גענומען אינעם באוואפנטן פאלקס־אויפשטאנד, האט
זיך אין דריי שלאכטן געשלאגן פאר דער פרייהייט און איז נאך דער
מפלה פון די אויפשטענדלער אנטלאפן דורך דער שווייץ קיין לאנדאן.

דארטן האט זיך באזעצט אויך מארקס. ענגעלס איז אינגיכן
צוריק געווארן אן אנגעשטעלטער און דערנאך אויך א קאמפאניאן
אין דער האנדלס־פירמע אין מאנטשעסטער, וואו ער האט געדינט
אין די 40־ער יארן. ביזן 1870 יאר האט ער געוואוינט אין מאנ־
טשעסטער, און מארקס אין לאנדאן, דאס האט זיי אבער ניט גע־
שטערט אונטערצוהאלטן די סאמע לעבהאפטע אידייאישע פארבינ־
דונג: זיי פלעגן זיך דורכשרייבן כמעט יעדן טאג. אין דער דאזיקער

קאָרעספּאָנדענץ פּלעגן זיך די פריינט טיילן מיט זייערע אָנשויאונגען און קענטענישן און האָבן צוזאמען ווייטער געארבעט איבער דעם וויסנשאפטלעכן סאָציאליזם. אין 1870 יאָר האָט זיך ענגעלס אריבערגעקליבן קיין לאָנדאָן, און ביזן 1883 יאָר, ווען מארקס איז געשטאָרבן, האָט געדויערט זייער געמיינזאם גייסטיק לעבן, פול מיט אָנגעשטרענגטער ארבעט. די פרוכט דערפון איז געווען — מצד מארקסן — דער „קאפּיטאל", דאָס גרעסטע פּאָליטיש-עקאָנאָמישע ווערק פון אונדזער עפּאָכע, מצד ענגעלסן — א גאנצע ריי גרויסע און קליינע ווערק. מארקס האָט געארבעט איבערן אנאליז פון די קאָמפּליצירטע דערשיינונגען פון דער קאפּיטאליסטישער ווירטשאפט. ענגעלס האָט אין זייערע לייכט אָנגעשריבענע, אָפטמאָל פּאָלעמישע ווערק באלויכטן די סאמע אלגעמיינע וויסנשאפטלעכע פראגן און פארשיידענע דערשיינונגען פון דער פארגאנגענהייט און קעגנווארט — אין גייסט פון דער מאטעריאַליסטישער אויפפאסונג פון דער געשיכטע און פון מארקס' עקאָנאָמישער טעאָריע. פון די דאָזיקע ווערק ענגעלסעס וועלן מיר אָנרופן: — דאָס פּאָלעמישע ווערק קעגן דירינגן (דאָ ווערן באהאנדלט די גרעסטע פראגן אויפן געביט פון פילאָסאָפיע, נאטורוויסנשאפט און געזעלשאפטלעכע וויסנשאפטן) *, „די אנטשטייאונג פון דער פאמיליע, פונעם אייגנטום און פון דער מלוכה" (איבערגעזעצט אין רוסיש, ארויסגעגעבן אין ס.-פּעטערבורג, 3-טע אויפלאגע, 1895), „לודוויג פייערבאך" (רוסישע איבערזעצונג מיט אָנמערקונגען פון ג. פּלעכאנאָוו, זשענעווע, 1892), אן ארטיקל וועגן דער אויסלענדישער פּאָליטיק פון דער רוסישער רעגירונג (איבערגעזעצט אין רוסיש אינעם זשענעווער „סאָציאל-דעמאָקראט", נומער 1 און 2), אויסגעצייכנטע ארטיקלען וועגן דער דירה-פראגע, צולעצט, צוויי קליינע, אָבער זייער ווערטפולע ארטיקלען וועגן דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פון רוסלאנד („פרידריך ענגעלס וועגן רוסלאנד", איבערגעזעצט אין רוסיש וו. אי. זאסוליטש, זשענעווע, 1894). מארקס איז

* דאָס איז א וואונדערבאר אינהאלטרייכער און באלערנדיקער בוך. אין ריסיש איז פון אים, צום באדויערן, איבערגעזעצט בלויז א קלענער טייל, וואָס אנטהאלט א היסטאָרישע סקיצע פון דער אנטוויקלונג פונעם סאָציאליזם („די אנטוויקלונג פונעם וויסנשאפטלעכן סאָציאליזם", 2-טע אויפלאגע, זשענעווע, 1892). לעניגס אן אָנמערקונג (די פולע רוסישע איבערזעצונג פון „אנטי-דירינג" איז דערשינען אין 1904. נאָכדעם איז דער בוך ארויסגעגעבן געוואָרן עטלעכע מאָל. זע די באזונדערע אויסגאבן, ווי אויך ק. מארקס און פ. ענגעלס, ווערק, ב. XIV, ז. 1 — 388. — רעד.)

געשטאָרבן, איידער ער האָט באוויזן ענדגילטיק צו באארבעטן זײַן קאַפּיטאַל ווערק וועגן קאַפּיטאַל. אויף שוואַרץ אָבער איז עס שוין געווען גרייט, איז אָט האָט זיך ענגעלס נאָכן טויט פון זײַן פרײַנט גענומען צו דער שווערער ארבעט פון באארבעטן און ארויסגעבן דעם II און III באנד „קאַפּיטאַל". אין 1885 יאָר האָט ער ארויסגעגעבן דעם II באנד, אין 1894 יאָר — דעם III באנד (דעם IV באנד האָט ער ניט באוויזן צו באארבעטן). ארבעט איבער די דאָזיקע צוויי בענדער האָט זיך געפאָדערט זייער א סך. דער עסטרײַכישער סאָציאַל-דעמאָקראט אדלער האָט ריכטיק באמערקט, אז מיטן ארויסגעבן דעם II און III באנד פון „קאַפּיטאַל" האָט ענגעלס אויפגעשטעלט זײַן געניאַלן פרײַנט א הערלעכן דענקמאָל, אויף וועלכן ער האָט ניט ווילנדיק אויף אייביק אויסגעקריצט אויך זײַן אייגענעם נאָמען. ווירקלעך, די דאָזיקע צוויי בענדער „קאַפּיטאַל" זײַנען א ווערק פון צווייען: פון מארקסן און ענגעלסן. פארצײַטיקע לעגענדעס דערציילן וועגן פארשיידענע רירנדיקע בײַשפּילן פון פרײַנטשאפט. דער אייראָפּעישער פּראָלעטאריאט קאָן זאָגן, אז זײַן וויסנשאפט איז געשאפן געוואָרן דורך צוויי געלערנטע און קעמפער, וואָס זייערע באציאונגען שטײַגן אריבער אלע סאמע רירנדיקע געשיכטעס פון אלטערטום וועגן מענטשלעכער פרײַנטשאפט. ענגעלס פלעגט שטענדיק, — און, בכלל גענומען, גאנץ ריכטיק, — שטעלן זיך הינטער מארקסן. „ווען מארקס האָט געלעבט, — האָט ער געשריבן צו איינעם אן אלטן גוט-פרײַנט, — האָב איך געשפּילט די צווייטע פידל". זײַן ליבע צום לעבעדיקן מארקסן און זײַן יראת-הכבוד צום אָנדענק פונעם פארשטאָרבענעם האָבן גאָר קיין שיעור ניט געהאט. דער דאָזיקער הארבער קעמפער און שטרענגער דענקער האָט פארמאָגט א טיף ליבנדיק הארץ.

נאָך דער באוועגונג פון די יאָרן 1848 — 1849 האָבן מארקס און ענגעלס אין דער עמיגראציע זיך פארנומען ניט בלויז מיט וויסנשאפט אליין. מארקס האָט אין 1864 יאָר געשאפן די „אינטערנאציאָנאלע ארבעטער-אסאָציאציע" און האָט אין משך פון א גאנצן יאָרצענדליק אָנגעפירט מיט דער דאָזיקער אסאָציאציע. אן אקטיוון אָנטייל אין אירע ענינים האָט גענומען אויך ענגעלס. די טעטיקײַט פון דער „אינטערנאציאָנאלער אסאָציאציע", וועלכע האָט, לויט מארקס' געדאנק, געדארפט פאראייניקן די פּראָלעטאריער פון אלע לענדער, האָט געהאט א קאָלאָסאלע באדײַטונג אין דער אנטוויקלונג

פון דער ארבעטער־באוועגונג. אָבער אויך נאָך דעם, ווי די „אינ־טערנאציאָנאלע אסאָציאציע" איז אין די 70־ער יאָרן פארמאכט גע־וואָרן, האָט מארקס' און ענגעלסעס פאראייניקנדיקע ראָליע ניט אויפגעהערט. פארקערט, מען קאָן זאָגן, אז זייער באדייטונג, אלס גייסטיקע אָנפירער פון דער ארבעטער־באוועגונג, איז כסדר געוואקסן, ווייל עס איז אָן אויפהער געוואקסן אויך די באוועגונג גופא. נאָך מארקס' טויט איז ענגעלס אליין ווייטער געווען דער ראטגעבער און אָנפירער פון די אייראָפּעיִשע סאָציאליסטן. צו אים פלעגן זיך אין א גלייכער מאָס ווענדן נאָך עצות און אָנווייזונגען אי די דייטשישע סאָציאליסטן, וואָס זייער קראפט איז שנעל און אָן אויפהער גע־וואקסן, ניט געקוקט אויף די פארפאָלגונגען מצד דער רעגירונג, אי די פאָרשטייער פון די אָפּגעשטאנענע לענדער, — למשל, די שפּאַ־ניער, די רומענער, די רוסן, וועלכע האָבן געמוזט באטראכטן און אָפּוועגן זייערע ערשטע טריט. זיי אלע האָבן געשעפּט פונעם רייכן קוואַל קענטענישן און דערפארונג פונעם אלטן ענגעלסן.

מארקס און ענגעלס, וועלכע האָבן ביידע געקענט רוסיש און גע־לייענט רוסישע ביכער, האָבן זיך זייער אינטערעסירט מיט רוס־לאנד, האָבן מיט סימפּאטיע נאָכגעשפּירט נאָך דער רוסישער רעוואָ־לוציאָנערער באוועגונג און אונטערגעהאלטן באציאונגען מיט רוסישע רעוואָלוציאָנערן. ביידע זיינען זיי פון דעמאָקראטן געוואָרן סאָ־ציאליסטן, און דאָס דעמאָקראטישע געפיל פון האס צום פּאָליטישן ווילקיר איז ביי זיי געווען אויסערגעוויינלעך שטארק. אָט דאָס אומ־מיטלבארע פּאָליטישע געפיל צוזאמען מיטן טיפן טעאָרעטישן פאר־שטיין דעם צוזאמענהאנג צווישן דעם פּאָליטישן ווילקיר מיט דער עקאָנאָמישער אונטערדריקונג, ווי אויך די רייכע לעבנס־דערפארונג האָבן געמאכט מארקסן און ענגעלסן פאר אויסערגעוויינלעך פילבאַר גראָד אין פּאָליטישער הינזיכט. דעריבער האָט דער העראָישער קאמף פונעם קליינעם הייפל רוסישע רעוואָלוציאָנערן קעגן דער מעכ־טיקער צארישער רעגירונג געפונען אין די הערצער פון די דאָזיקע אויסגעפּרואווטע רעוואָלוציאָנערן דעם סאמע פילבארן אָפּקלאנג. פארקערט, דער פּרואוו צוליב כלומרשטע עקאָנאָמישע נוצן אָפּצו־קערן זיך פון דער סאמע אומטמיטלבארער און וויכטיקער אויפגאבע פון די רוסישע סאָציאליסטן — צו דעראָבערן פּאָליטישע פריי־הייט — איז ביי זיי אין די אויגן נאטירלעך געווען פארדעכטיק, און

זיי האָבן עס אפילו פשוט געהאַלטן פאַר א פאַראַט קעגן דער גרויסער זאַך פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. „די באַפרייאונג פונעם פּראָלעטאַריאַט דאַרף זיין זיין אייגענע זאַך“, — אָט וואָס עס האָבן כסדר געלערנט מאַרקס און ענגעלס. און כדי צו קעמפן פאַר זיין עקאָנאָמישער באַפרייאונג, מוז דער פּראָלעטאַריאַט דערגאָבערן פאַר זיך געוויסע פּאָליטישע רעכט. א חוץ דעם האָבן אי מאַרקס אי ענגעלס קלאָר געזען, אַז אויך פאַר דער מערב־איירעפּעישער אַרבעטער־באַוועגונג וועט די פּאָליטישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָבן א קאָלאָסאַלע באַדייטונג. דאָס זעלבסט־הערשערישע רוסלאַנד איז שטענדיק געווען א זייל פאַר דער גאַנצער איירעפּעישער רעאַקציע. די אויסערסט גינסטיקע אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע, אין וועלכער רוסלאַנד איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דורך דער מלחמה פון 1870 יאָר, וואָס האָט אויף לאַנג צעקריגט דייטשלאַנד מיט פראַנקרייך, האָט, פאַרשטייט זיך, בלויז פאַרגרעסערט די באַדייטונג פונעם זעלבסט־הערשערישן רוסלאַנד אלס רעאַקציאָנערע קראַפט. בלויז א פרייע רוסלאַנד, וואָס נייטיקט זיך נישט — ניט אין אונטערדריקן די פּאָליאַקן, די פינלענדער, די דייטשן, אַרמענער און אַנדערע קליינע פעלקער, ניט אינעם שטענדיקן אָנהעצן פראַנקרייך און דייטשלאַנד איינע אויף די אַנדערע, וועט געבן דער מאָדערנער איירעפּע די מעגלעכקייט פריי אָפּצואָטעמען פון די קריגס־לאַסטן, וועט אָפּשוואַכן אַלע רעאַקציאָנערע עלעמענטן אין איירעפּע און וועט פאַרגרעסערן די קראַפט פון איירעפּעישן אַרבעטער־קלאַס. אָט פאַרוואָס ענגעלס האָט אויך צוליב די דערפאָלגן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין מערב הייס געוואונטשן, אַז אין רוסלאַנד זאָל איינגעפירט ווערן פּאָליטישע פרייהייט. די רוסישע רעוואָלוציאָנערן האָבן פאַרלאָרן אין אים זייער בעסטן פריינט.

אייביקער אָנדענק פרידריך ענגעלסן, דעם גרויסן קעמפער און לערער פון פּראָלעטאַריאַט!

ווערק, ב. I, ז. 407—416.

# אינהאלט

